יאראסלאוו האשעק

# דער בראווער סאלדאט שווייק אין דער וועלט־מלחמה

צווייטער טייל

אידיש ז. קאלמאנאוויטש

„ביכער פאר אלעמען" ריגע
גערטרוד־גאס 19.
1928

# 1

## שווייקס צרות אין איזנבאן־צוג.

אין קופע צווייטן קלאַס פונם שנעלצוג פּראָג—בּודוויים האָבּן זיך געפונען דריי מענטשן, לייטענאַנט לוקאַש, אים קעגנאיבּער אַן עלטערער מאַן, אין גאַנצן אַ פּליכעדיקער, און שווייק וואָס איז געשטאַנען באַשיידן ביי דער טיר פון קופּע. לייטענאַנט לוקאַש האָט דעם גאַנצן וועג ניט אופגעהערט צו מוסרן שווייקן און, ניט געאַכט דערויף, וואָס דערביי איז געזעסן דער פּליכעדיקער „פרייער", האָט ער אים געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער, וויפיל אין אים איז אַריין. שווייק איז דערביי געשטאַנען און האָט מיט אַ הכנעהדיקער מינע גענומען אַף זיך די תוכחה, וואָס האָט זיך אַף אים געשאָטן.

— אָט האָט מען ביי אונדז צוגעגנבעט איין טשעמאָדאַן, — האָט לייטענאַנט לוקאַש אופגעוואָרפן שווייקן. — אַ קאַטאָוועס צו זאָגן — אַ טשעמאָדאַן! כּלבֿ!

— ערלויבּט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, — האָט שווייק זיך אָפּגערופן באַשיידן: — דעם טשעמאָדאַן האָט מען טאַקע ביי אונדז צוגעגנבעט, אַפּן וואָקזאַל דרייען זיך אַלע מאָל אַרום בּלערליי זשוליקעס, און מיר דוכט, אַז איינעם אַזאַ זשוליק איז ניט אַנדערש געפעלן געוואָרן אייער טשעמאָדאַן, האָט אָט דער מנוול מסתּמא אויסגענוצט דעם מאָמענט, ווען איך בין אַף אַ ווײַלינקע אוועקגעגאַנגען פון באַגאַזש צו מעלדן אייך, אַז מיט אונדזער באַגאַזש, איז גאָט צו דאַנקען, אַלץ כשורה! וואָרום אוועקגנבען ביי אונדז אַ טשעמאָדאַן האָט מען געקאָנט נאָר אין אַזאַ גינסטיקן

מאָמענט, און די דאָזיקע זשוליקעס וואַרטן נאָר אויף אַזאַ מאָמענט. מיט צוויי יאָר צוריק האָבן זיי אַוועקגעגנבעט אַפֿן וואָקזאַל בײַ איין פֿרוי א וועגעלע מיט א זויג=קינד, א מיידעלע, און זײַנען נאָך געווען אַזוי לײַטיש, אַז זיי האָבן דאָס מיידעלע אָפּגעבראַכט אין פּאָליציי=צירקל בײַ אונדז אין גאַס, אַזוי ווי זיי וואָלטן קלאָמפּערשט געהאַט געפֿונען זי אונטערגעוואָרפֿן ערגעץ אויף א טרעפּ פֿון א הויז. און דערנאָך האָבן די צײַטונגען די מעשה אַזוי פֿונאַנדערגעשמירט, ווי די מוטער זאָל כּלומרשט האָבן אַליין אונטערגעוואָרפֿן איר קינד.

און שווייק האָט פֿאַרענדיקט מיט דער לעבנס=חכמה:

— אויף די וואָקזאַלן האָט מען אַלע מאָל געגנבעט און מען וועט שטענדיק גנבֿען. אַנדערש קאָן גאָר ניט זײַן.

— איך בין באַזיכערט, שווייק, — האָט אים לייטענאַנט לוקאַש איבערגעשלאָגן, — אַז איר וועט ווען עס איז האָבן אַ וויסטן סוף. איך קאָן נאָר בשום אופֿן ניט דערגיין, צי מאַכט איר זיך דאָס פֿאַר א נאַר, אָדער איר זײַט טאַקע אין דער אמתן געבאָרן געוואָרן אַזאַ שוטה. וואָס איז געווען אין טשעמאָדאַן?

— בכלל גערעדט, איז דאָרט גאָרנישט ניט געווען, הער לייטענאַנט, — האָט שווייק געענטפֿערט, ניט אַראָפּצונעמען די אויגן פֿונם פֿליכעדיקן שאַרבן פֿונם ציוויל=מאַן, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער דעם לייטענאַנט, פֿאַרטיפֿט אין זײַן צײַטונג, און האָט קיין שום אינטערעס ניט אַרויסגעוויזן צו זייער שמועס. — אין דעם טשעמאָדאַן איז געווען גאָר און גאָר דער שפּיגל פֿון אייער שלאָפֿצימער און נאָך די אײַזערנע שאַראַגע פֿאַר היט פֿון פֿאָדער=צימער, אַזוי אַרום אַז מיר האָבן בעצם גאָר קיין היזק ניט געהאַט, וואָרום סײַ דער שפּיגל און סײַ די שאַראַגע האָבן געהערט דעם בעל=הבית פֿון הויז.

באַמערקט דעם לייטענאַנטס שרעקלעכע העויה, האָט שווייק ווײַטער גענומען ריידן מיט זײַן צערטלעכסטער שטים:

— איך האָב דעם כּבֿוד צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז איך האָב לכתחילה ניט געוווּסט, אַז מען וועט דעם טשעמאָדאַן אַוועקגנבֿען. וואָס איז שייך דער שאַראַגע פֿאַר די היט און דעם

שפּיגל, האָב איך דעם בעל־הבית געמאָלדן, אַז מיר ווען אים דאָס אָפּגעבן, ווען מיר וועלן קומען אַהיים נאָכן קריג. אין שונהם לאַנד, מיין איך, וועלן זיך נאָך געפינען אַזוי פיל שפּיגלען און שאַראַגעס, אַז צו קיין סכסוך מיטן בעל־הבית וועט עס בשום אופן ניט קומען. וואָרום ווי נאָר מיר וועלן איינעמען א שטאָט, וועלן...

— פאַרשטאָפּט דעם פּיסק, שווייק! — האָט דער לייטענאַנט אַף אים א הויכע געטאָן. — אָט וועט איר זיך אָנרייסן, אַז איך וועל אייך שטעלן צום געריכט. טוט נאָר א קלער, צי זייט איר ניט דער גרעסטער אידיאָט אין דער וועלט. קיין איין מענטש, ווען ער זאָל אפילו אָפּלעבן טויזנט יאָר, וואָלט ניט אָפּגעטאָן אַזוי פיל נאַרישקייטן, וויפיל איר אין די איינע פּאָר וואָכן. איך האָף, אַז איר האָט דאָס אַליין באַמערקט?

— עולויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז איך האָב דאָס טאַקע אַליין באַמערקט. איך ווער, ווי יענער זאָגט, קלוג, ווען עס איז שוין שפּעט, און די צרה איז שוין געשען. ס'איז די אייגענע מעשה מיט מיר, ווי מיט יענעם נעכלעבאַ פון נעקאַצאַרקע, וואָס פלעגט אָפּט אַריינקומען אין שיינקל „צוויג אין וועלדל". דער דאָזיקער נעקאַצאַוקאַ פלעגט אַלע מאָל זיך מאַן א נדר אופצופירן זיך מעשה לייט און פון שבת אָן אָנהויבן א ניי לעבן, און דעם צווייטן טאָג פלעגט ער שטענדיק דערציילן: „און אָט, ברידערלעך, טו איך דאָס אינדערפרי א קוק, איך ליג אַף א לאַווקע אין כודער־מודער". און אַלע מאָל פלעגט דאָס מיט אים טרעפן גראָד אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך פּונקט געקליבן צו גיין אַהיים. ער אַליין איז געווען פּאַריאָושט און פלעגט טענען, אַז אַזאַ ביטערער מזל איז אים געקומען בירושה. זיין זיידע איז איין מאָל אוועקגעפאָרן...

— שווייק, לאָזט מיך צו רו מיט אייערע משלים.

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז דאָס, וואָס איך האָב איצט דערציילט, איז דער אמת אַליין. זיין זיידע איז איין מאָל...

— שווייק, — האָט דער לייטענאַנט נערוועז א געשריי געטאָן, — איך באַפעל אייך נאָך א מאָל מיר קיין זאַך מער ניט צו דערציילן; איך וויל אייך מער ניט הערן. אז מיר וועלן קומען אין בודוויס, וועל איך זיך שוין מיט אייך אָפּרעכענען. איר ווייסט, שווייק, אז איך וועל הייסן אַריינזעצן אייך אין קאַרצער?

— אָ ניין, הער לייטענאַנט, איך ווייס ניט, האָט שווייק געענטפערט ווייך. — איר האָט מיר וועגן דעם נאָך גאָרנישט געזאָגט.

ביים לייטענאַנט האָבן קעגן זיין ווילן די ציין גענומען קלאַפּן. ער האָט א ציטער געטאָן, אַרויסגענומען פון קעשענע א צייטונג און האָט זיך פאַרטיפט אין די נייס פון מלחמה־פּלאַץ. נאָר מיט א מאָל האָט אים געשטערט דער קול פון שווייקן, וואָס האָט א פרעג געטאָן ביים פּליכעדיקן הערן:

— זייט מוחל, גנעדיקער הער, זייט איר ניט צופעליק הער פּורקראַבעק, נאָמען פון באַנק „סלאַוויאַ״?

היות ווי דער פּליכעדיקער הער האָט ניט געענטפערט, האָט שווייק זיך געווענדעט צום לייטענאַנט.

— ערלויבט צו מעלדן, איך האָב אמאָל געלייענט אין בלאַט, אז א נאָרמאַלער מענטש דאַרף האָבן דורכן באַנק פון 60 ביז 70 טויזנט האָר אַפן קאָפּ, און אז שוואַרצע האָר זיינען שיטערער געוויינטלעך, ווי מען קאָן דאָס זען אין א סך פאַלן.

און ווייטער אָן רחמנות:

— און איינער א מעדיקער האָט ביי אונדז אין קאַפע „שפּירק״ דערציילט, אז די האָר פאַלן ארוים פון אופרעקונג ביים האָבן.

אין דעם מאָמענט איז געשען א שרעקלעכע זאַך — דער פּליכעדיקער הער איז אופגעשפרונגען, איז צו צו שווייקן און א הוקע געטאָן:

— אַרררויס פון דאַנען כלב שבכלבים!

און דער אומבאַקאַנטער האָט שווייקן ארויסגעשטופּט אין קאָרידאָר, איז צוריק אריין אין קופּע און האָט זיך פאָרגעשטעלט

דעם לייטענאַנט. יענער האָט פּאַר גרויס חידוש נאָר אויסגע־שטעלט די אויגן.

שווייק האָט געהאַט א שטיקל טעות. דער פּאַרשוין מיטן פליך איז געווען ניט הער פורקראַבעק פון באַנק „סלאַוויאַ", נאָר גענעראַל־מאַיאָר פאָן־שוואַרצבערג. דער גענעראַל־מאַיאָר האָט אינ־קאָגניטאָ אינספּיצירט די גאַרניזאָנען און איז איצט געפאָרן קיין בודוויים, בכדי צו כאַפּן דעם דאָרטיקן גאַרניזאָן.

ער איז געווען דער שטרייננסטער אינספּעקטאָר, וואָס עס איז נאָר פאַראַן אין דער וועלט. אויב ער פלעגט נאָר כאַפּן עפּעס ניט אין אָרדענונג, פלעגט ער געוויינטלעך פאַרפירן מיטן שעף פון גאַרניזאָן אזא מין שמועס:

— א רעוואָלווער האָט איר?

— יאָ, איך האָב.

— פיין! אָף אייער אָרט וואָלט איך געוווסט, וואָס איך האָב צו טאָן, ווארום דאָס, וואָס איך זע דאָ, איז ניט קיין גאַרניזאָן, נאָר א חזיר־שטאַל.

און נאָך זיינער אן אינספּעקציע־רייזע פלעגט זיך טאַקע עמיצער שוין שיסן. גענעראַל־מאַיאָר שוואַרצבערג פלעגט מיט באַפרידיקונג אויסהערן די מעלדונג וועגן דעם און זאָגן:

— אזוי דאַרף דאָס זיין! אָט דאָס איז אן עכטער זעלנער!

עס האָט געהאַט דעם פּנים, ווי ער וואָלט בכלל ניט ליב געהאַט, אז נאָך זיין אינספּעקציע זאָל עמיצער בלייבן לעבן. ער האָט געהאַט א מין חולאת צו פאַרשיקן אָפיצערן דווקא אין די פאַרוואָרפנסטע העקן.

— הער לייטענאַנט, — האָט ער געפרעגט, אין וואָסער קאַדעטן־קאָרפּוס האָט איר זיך געלערנט?

— אין פּראָגער.

— הייסט דאָס, איר האָט זיך געלערנט אין א קאַדעטן־קאָרפּוס און ווייסט אפילו ניט, אז אן אָפיצער טראָגט די אחריות פאַר זיינע אונטערגעבענע? פיין, ניטאָ וואָס צו ריידן! צווייטנס שמועסט איר מיט אייער דינער, ווי ער וואָלט געווען אייער חבר. איר דערלויבט אים צו ריידן, בעת מען פרעגט ביי אים ניט.

דאָס איז נאָך פיינער! און דריטנס, איר דערלויבט אים צו באַ־לײדיקן אייער עלטסטן. דאָס איז דאָס פיינסטע! דערפון וועל איך מאַכן די געהעריקע מסקנא. ווי איז אייער נאָמען, הער לייטע־נאַנט?

— לוקאַש.

— פון וואָסער פולק?

איך האָב געדינט...

— א דאַנק, אָבער מיר אינטערעסירט ניט, וו איר האט געדינט. איך וויל וויסן, וו איר דינט איצט.

— אין 91־טן, אינפאַנטעריע, הער גענעראַל־מאַיאָר. מען האָט מיך אַהין אריבערגעזעצט פון...

— אַך אַזוי, אַריבערגעזעצט? אויסגעצייכנט. איך וועט זיין זייער נוציק וואָס גיכער צו קומען מיטן 91־טן פולק ערגעץ אַפן פראָנט.

— דאָס איז שוין באַשלאָסן, הער גענעראַל־מאַיאָר.

איצט האָט דער גענעראַל־מאַיאָר גענומען לייענען א גאַנצע לעקציע מכח דעם, וואָס ער האָט די לעצטע צייט באַמערקט, אַז די אָפיצערן גיבן צו פיל נאָך די סאָלדאַטן, אַז זיי זיינען מיט זיי צו פיל חבר־לאַווער, אַז אַמאָל פלעגן די סאָלדאַטן ציטערן פאַר זייערע אָפיצערן, ווי פאַר פייער, און איצט...

דער גענעראַל־מאַיאָר האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— איצט, — האָט ער מיט פאָרוווּרף פאַרענדיקט,— צאַצקען זיך דאָס רוב אָפיצערן מיט די סאָלדאַטן, אָט וואָס איך האָב געוואָלט אייך זאָגן.

און דער גענעראַל־מאַיאָר האָט זיך ווידער גענומען פאַר דער צייטונג און האט זיך פאַרטיפט אין לייענען. לייטענאַנט לו־קאַש, א ווייסער ווי קאַלך, איז ארוים אין קאָרידאָר זיך אָפרעכע־נען מיט שווייקן.

ער האט אים געפונען שטייענדיק ביים פענצטער מיט אזא גליקלעכן און צופרידענעם פנים, וואָס אַזוינס האט נאָר א צוויי־חדשימדיקער קינד, וואס האט זיך זאַט אָנגעזויגן און איז זיס אנטשלאָפן געוואָרן.

איז דער לייטענאנט שטיין געבליבן און האָט אריינגעוואונ־
קען שווייקן אין א ליידיקן קופּע. אריינגעלאָזן אים אהין, איז ער
אויך אריין און האט צוגעמאַכט די טיר.

— שווייק, — האט ער אָנגעהויבן פייערלעך, — איצט איז שוין
סוף כּל סוף געקומען דער מאָמענט, ווען איר וועט אריינכאַפּן
אייער פּאָרציע פּרעשק, און אזעלכע פּרעשק, וואס די וועלט האט
נאָך ניט געזען. צו וואָסער שווארץ־יאָר האט איר פאַרטשעפּעט
דעם אלטן פליכעדיקן הער? ווייסט איר, אז דאס איז גענעראַל־
מאיאָר פאָן־שוואַרצבורג?

— ערלויבט צו מעלדן, — האט שווייק זיך אָפּגערופן מיט
דער מינע פון א קדוש, — אז קיין מאָל אין לעבן האב איך
בכלל ניט געהאַט בדעה עמיצן צו פאַרטשעפּען. און מיר איז גאָר־
ניט ארוף אפן זינען, אז דאס איז א גענעראַל. ער איז פּונקט
ענלעך צו הער פּורקראַבעק, דעם נאמען פון באַנק „סלאַוויאַ". דער
דאָזיקער הער פּורקראַבעק פלעגט אריינגיין בײַ אונדז אין שיינקל,
און איין מאָל, אז ער איז אַנטשלאָפן געווארן בײַם טיש, האט
איינער א בעל טובה זיך מיישב געווען און אָנגעשריבן אים אפן
פּליך מיט א כעמישן בלייפעדן אָט וואס: „מיר האבן דעם כּבוד
אייך פאָרצולייגן אפן סמך פון בייגעלייגטן פּאָלים־תּנאי צו פאַר־
זאָרגן אייערע קינדער מיט נדן, דורך דעם וואס איר וועט זיך
פארזיכערן אין אונדזער געזעלשאַפט". אלע זיינען, פאַרשטייט זיך,
אוועק' און איך בין געבליבן דער איינציקער, און אזוי ווי איך
האב קיין מאָל קיין מזל ניט, איז דאס אויסגעגאַנגען צו מיין קאָפּ.
אז ער האט זיך אופגעכאַפּט און האט זיך דערזען אין שפּיגל,
איז ער געוואָרן אויסער זיך און האט געמיינט, אז איך האב דאָס
אים אָפּגעטאָן, און ער האט אויך געוואלט מיר געבן פעטש.

דאס ווערטל „אויך" האט זיך אויסגעגאָסן פון שווייקס לעפצן
מיט אזא הארציקייט און מיט אזא צאַרטן פאָרוווּרף, אז ניט ווילנ־
דיק האט זיך בײַם לייטענאַנט אראָפּגעלאָזט די האַנט.

— איבער אזא גארנישט מיט א נישט, — האט שווייק גע־
רעדט דאס זייניקע, — האט דער הער גענעראל ניט באדאַרפט,
בלעבן, זיך אופרעגן. ער האט טאקע באדארפט האבן פון 60 ביז

70 טויזנט האָר, ווי עס איז דאָרט געשטאַנען אין בלאַט. מיר האָט אפילו קיין מאָל ניט געחלומט, אַז גענעראַלן קאָנען זיין פליכעדיקע. דאָס איז, ווי יענער זאָגט, אַ טראַגישער טעות. וואָס קאָן זיך טרעפן מיט איטלעכן, ווען עמיצער מאַכט אַ באַמערקונג, און דער צווייטער טשעפּעט זיך באַלד צו. אָט איז אַ מעשה, וואָס עס האָט דערציילט פאַר פיר יאָרן דער שניידער היוול. ער איז געפאָרן, דערציילט ער, פון אַ שטעטל אין שטיריען אַריבער לעאָבען קיין פּראָג און האָט געפירט מיט זיך אַ געראַוויכערטן פריידיק, וואָס ער האָט געקויפט אין מאַרבורג. פאָרט ער זיך אַזוי אין צוג און איז זיכער, אַז ער איז דער איינציקער טשעך אין וואַגאָן. און אַז ער האָט אַרום סאַנקט מאַריץ גענומען שניידן דעם פריידיק, האָט דער הער, וואָס איז געזעסן קעגנאַיבער, גענומען וואַרפן אויגן אויפן פריידיק, און ער האָט אפילו געהאַט אַ פולע מויל שפּייעכץ. האָט דאָס דער שניידער היוול באַמערקט און האָט צו זיך אַ זאָג געטאָן אין דער הויך אויף טשעכיש: „איאָ, מנוול דיר וואָלט זיך קענטיק געוואָלט אַ קיי טאָן אַ שטיקל דאָר־פלייש?“ אַז יענער גיט דאָס אַ זאָג אַרויס טאַקע אין טשעכיש: „מיטן גרעסטן חשק, אויב דו וועסט געבן אַ שטיקל“. איז וואָס זשע מיינט איר? האָבן זיי טאַקע אַזוי ביידע אויפגעגעסן דעם גאַנצן פריידיק, נאָך איידער זיי זיינען געקומען ביז בודווייס. און גערופן האָט מען יענעם פאַרשוין אַדאַלבערט ראָוס.

האָט לייטענאַנט לוקאַש אַ קוק געטאָן אויף שווייקן און איז אַרויס פון קופּע. באַלד ווי ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אַלטן אָרט, האָט זיך אין טיר באַוויזן שווייקס ערלעכער פּנים.

— יאָ, ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אין פינף מינוט אַרום וועלן מיר זיין אין טאַבאָר. דער צוג שטייט דאָרט פינף מינוט. צי וועט איר ניט באַפעלן צו ברענגען עפּעס צוצובייסן? אַמאָליקע יאָרן האָבן זיי דאָ געהאַט זייער גוטע...

אויסער זיך פון כּעס, איז דער לייטענאַנט אַרויסגעשפּרונגען אין קאָרידאָר און האָט געזאָגט צו שווייקן:

— איך בין אייך נאָך אַ מאָל מתרה, אַז וואָס ווייניקער איר וועט זיך באַווייזן מיר פאַר די אויגן, אַלץ אָנגענעמער איז

מיר. דאס בעסטע וואלט געווען, ווען איך וואלט אייך בכלל מער ניט געזען, און זייט רואיק, איך וועל שוין דאס באזאָרגן. סטאַרעט זיך בכלל מער ניט צו ווייזן זיך מיר אין די אויגן, איר בהמה איינער, אידיאָט.

— ריכטיק, הער לייטענאַנט.

שווייק האט צוגעלייגט די האנט צום היטל, האט זיך א דריי אום געטאָן לינקס און איז מיט א פעסטן טריט אוועק אין צווייטן קאָרידאָר, האט זיך אוועקגעזעצט אפן קאָנדוקטאָרס אָרט און געפרווווט פאַרפירן א שמועס מיט עפעס א באַן-אָנגעשטעלטן.

— אנטשולדיקט, איך מעג אייך עפעס פרעגן?

דער אייזנבאַנער האט קענטיק גאר א קנאַפּן חשק געהאט צו שמועסן, ער האט קוים-קוים א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— צו מיר, — האט שווייק גענומען ריידן האסטיק-האַסטיק, — פלעגט גאנץ אָפט אריינגיין זייער א סימפּאַטישער מענטש, א געוויסער האָפמאַן, פלעגט ער שטענדיק טענען, אז אָט די אלע אַלאַרם-סיגנאַלן זיינען קיין דרייער ניט ווערט. און אויב מען זאָל, איך כאַפּ אייך אָן, א ציִ טאָן אָט דאס הענטל, וועט דערפון פשוט בתכלית הפשטות גארנישט ניט ארויסקומען. דעם אמת גערעדט, האב איך זיך קיין מאָל מיט אזעלכע זאכן ניט אינטערעסירט, נאָר וויבאלד אז אזא סיגנאַל-אַפּאַראַט איז מיר שוין אריין אין די אויגן, וואלט איך זייער וועלן פון אייך דערגיין, וואס עס וועט זיין, טאָ-מער וועל איך א מאָל מוזן אים באנוצן.

און שווייק איז אופגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען מיטן אייזנ-באַנער צום קראַן פונם ועסטינג-האוז-טאָרמאָז, וואָס איבער אים איז געשטאַנען אופגעשריבן: „אין פאַל פון א סכנה א דריי טאָן דאס הענטל".

דער אייזנבאנער האט געהאלטן פאר זיין חוב צו דער-קלערן שווייקן דעם גאנצן מעכאַניזם פונם סיגנאַליזאַציע-אַפּאַראַט און האט אים פאַרזיכערט, אז יענער וואס האט געזאָגט, אז דער טאָרמאָז וועט דעם צוג ניט אָפּשטעלן, זאָגט א ליגן. בשעת מעשה האבן זיי ביידע געטאַפּט דאס הענטל פונם טאָרמאָז, און

עס איז געבליבן א רעטעניש, ווי אזוי האט דאס געטראָפן, אז זיי האבן א צי געטאָן און דער צוג האט זיך אָפּגעשטעלט.

זיי האבן ניט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך מכּח דעם, ווער האט דאס געטאָן.

שווייק האט געטענעט, אז ער האט דאָס ניט געקאָנט טאָן, אז ער האָט דאס ניט געטאָן, ער איז דאָך ניט קיין אינגל.

— מיר איז טאקע אליין א חידוש, — האט ער געזאָגט גוטמוטיק, — וואס דער צוג איז געבליבן שטיין. געגאַנגען — גע־גאַנגען — און מיט א מאָל סטאָפּ! דאָס ערגערט מיך נאָך מער, ווי אייך.

עפּעס איינער אַן ערנסטער מאַן האט זיך געשטעלט אפן צד פון אייזנבאַנער און האט עדות געזאָגט, אז ער האָט געהערט, ווי דער סאָלדאַט האט דער ערשטער פאַרפירט דעם שמועס וועגן די אַלאַרם־סיגנאַלן.

שווייק האט זיך פאַרענטפערט, אז ער איז אַן ערלעכער מאַן און אז ער איז גאָרניט פאַראינטערעסירט דערין, דער צוג זאָל זיך פאַרשפּעטיקן, וואָרום ער פאָרט אף דער מלחמה.

— מילא, דער סטאַנציע־שעף וועט שוין פסקען, — האט באַשלאָסן דער קאָנדוקטאָר. — דאָס וועט אייך קאָסטן צוואַנציק קרוינען.

בּינתים האָבּן די פּאַסאַזשירן גענומען אַרויסקריכן פון די וואַגאָנעס, דער מאַשיניסט האָט געפּייפט, און עפּעס א פרוי האט געכאַפּט איר טשעמאָדאַן און איז א דערשראָקענע אַנטלאָפן גלייך אין פעלד אריין.

— הייסט דאָס, אז דער צוג שטייט פאַר צוואַנציק קרוין, — האט שווייק באַמערקט תמעוואַטע. — דאָס איז נאָך ניט קיין יקרות. אָט איין מאָל, בּעת זיין קייזערלעכע מאַיעסטעט איז פאַרבּייגעפאָרן זשיזשקאָוו, האט א געוויסער פראַנטאַשנאָר זיך אַנידערגעוואָרפן אף די קני פאַרן עקיפּאַזש אין דעם שמאָלסטן אָרט, און דער עקיפּאַזש איז געבליבן שטיין. האט דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פון יענעם ראַיאָן מיט טרערן אין די אויגן אופגעוואָרפן דעם הער שנאָר,

פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן אין זיין באַצירק. און דערנאָך האָט ער אים אריינגעשיבעט הינטער די גראַטעס.

שווייק האָט זיך מיט גאווה ארומגעקוקט, אין דעם מאָמענט איז צוגעגאַנגען דער אויבער־קאָנדוקטאָר.

— איצט וואָלט מען שוין געמעגט פאָרן, — האָט אַרויס־גערעדט שווייק, — וואָרום ס'איז זייער ניט שיין, ווען דער צוג וועט פאַרשפּעטיקן. מילא, אין שלום־צייט — איז נאָך ווי עס איז. נאָר איצט, אַז עס איז מלחמה, דאַרף איטלעכער וויסן, אַז אין יעטווידער צוג פאָרן מיליטער־לייט, גענעראַלן, לייטענאַנטס, באַ־דינערס און אזוי ווייטער. און איטלעכע פאַרשפּעטיקונג איז זייער א מיאוסע זאַך. נאַפּאָלעאָן האָט פאַרשפּעטיקט ביי וואַטערלאָאָ סך הכל אף א מינוטן פינף, און זיין גאַנצע גדולה האָט גע־כאַפּט דער שוואַרץ־יאָר.

אין יענער רגע האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דער גרופּע צוהערער דער לייטענאַנט לוקאַש. ער איז געווען מוראדיק בלאַס און האָט ניט געקאָנט ארויסברייננגען גאָרנישט, ווי נאָר:

— שווייק!

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז מען האָט אף מיר אויסגעטראַכט א בלבול, אַז איך האָב כלומרשט פאַרהאַלטן דעם צוג. און איך וועל זאָגן, אַז דאָס פאַר־קער־מיניסטעריום גיט זייער משונהדיקע פּלאָמבעס פאַר די טאָר־מאָזן. גלייכער אַז מען גייט צו זיי גאָר ניט צו נאָענט, זיסט קאָן זיך טרעפן אַן אומגליק, און דערנאָך וועט מען מאָנען צוואַנציק קרוינען, געגוי ווי ביי מיר.

דער אויבער־קאָנדוקטאָר איז שוין געווען ארויסגעגאַנגען, האָט געגעבן א סיגנאַל און דער צוג האָט זיך גערירט.

די צוהערערס זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, איטלעכער אין זיין קופּע. אויך דער לייטענאַנט לוקאַש איז אַוועק צו זיך, ניט גערעדט מער קיין וואָרט.

געבליבן זיינען נאָר דער קאָנדוקטאָר און דער אייזנבאַנער. דער קאָנדוקטאָר האָט ארויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכל און גענומען

שרייבן א ראַפּאָרט. דער אייזנבאַנער האָט מיט שנאה געקוקט אױף שווייקן, וואָס האָט בײַ אים געפרעגט מעשה תּם:

— איר דינט שוין לאַנג אױפן אייזנבאַן?

האָט דער אייזנבאַנער געעפנט די טיר אין טואַלעט און האָט זיך דאָרט איינגעשלאָסן.

איצטער זיינען געבליבן נאָר דער קאָנדוקטאָר און שווייק. האָט דער קאָנדוקטאָר גענומען מאָנען די צוואַנציק קרוינען שטראָף און האָט מתרה געווען, אַז אויב שווייק וועט ניט באַצאָלן, וועט ער זיין געצוווּנגען איבערצוגעבן אים אין טאַבאָר דעם סטאַנציע-שעף.

— גוט, — האָט געזאָגט שווייק, — איך האָב ליב צו כאַפּן א שמועס מיט געבילדעטע לייט און מיר איז זייער ליב זיך צו באַקענען מיט דעם סטאַנציע-שעף פון טאַבאָר.

אַז דער צוג איז צוגעגאַנגען צום וואָקזאַל פון טאַבאָר, און שווייק האָט געמוזט אַראָפּגיין מיטן קאָנדוקטאָר צום סטאַנציע-שעף, איז ער פריער אוועק זיך מעלדן, ווי עס געשיקט זיך, דעם לייטענאַנט לוקאַש:

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט: מען פירט מיך צום סטאַנציע-שעף.

לייטענאַנט לוקאַש האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט. אים האָט שוין קיין זאַך אין דער וועלט ניט געאַרט. ווי א בליץ האָט דורכגעשניטן זיין מוח א געדאַנק, אַז דאָס בעסטע איז אַ שפּײַ טאָן אױף אַלץ: סיי אױף שווייקן, סיי אױפן פּליכטעדיקן גענעראַל-מאַיאָר, בלייבן זיצן רואיק אױפן אָרט, אַראָפּגיין אין בודוויס, זיך מעלדן אין קאַזאַרמע און אוועקפאָרן מיט א מאַרש-באַטאַליאָן אױפן פראָנט און אױפן פראָנט אויב מען וועט מוזן, זיך אונטערשטעלן אונטער די קוילן און פּטור ווערן אַזוי אַרום פון אָט דער מיאוסער וועלט, וווּ עס לעבן אַזעלכע פּאַסקודניקעס ווי דער דאָזיקער שווייק.

* * *

דער צוג איז שוין לאַנג פאַרבײַגעלאָפן קיין בודוויס,

נאָר אפן פעראָן אין טאַבאָר איז נאָך אַלץ געשטאַנען א רעדל מענטשן ארום שווייקן.

שווייק האָט מיט ברען דערוויזן, אז ער איז אומשולדיק, און האָט אזוי געווירקט אפן עולם, אז איינע א פרוי האט אפילו ארויסגעזאָגט איר מיינונג:

— האבן זיי זיך שוין ווידער פון העלער הויט צוגעטשע־פעט צו אַן אָרימען סאָלדאַט נעבעך.

און דער גאַנצער עולם האט צוגעשטימט, און איינער א הער האט זיך אָנגעבאָטן, אז ער וועט באַצאָלן די צוואַנציק קרוין שטראָף, וואס מען מאָנט פון שווייקן, וואָרום ער איז באַזיכערט, אז ער האט דאס ניט געטאָן.

— איר טוט נאָר א קוק אַף אים, — האט ער געזאָגט צום סטאַנציע־שעף, טייטנדיק אַף שווייקס אומשולדיקן פרצוף. און שווייק האט בשעת מעשה זיך געשוואָרן:

— אַף נאמנות, ברידערלעך, איך בין ניט שולדיק.

דערנאָך איז פון ערגעץ ארויסגעשפרונגען א זשאַנדאַרם, האט געכאַפּט עפּעס א בירגער, דערקלערט פאַר אַרעסטירט און אוועקגעפירט. דערביי האט ער געטענעט:

— איר וועט דערפאַר ענטפערן... איך וועל אייך ווייזן, ווי אזוי צו העצן דאס פאָלק... איר וועט ענטפערן פאַר אייערע ווערטער, אז אויב מען באַגייט זיך אזוי מיט סאָלדאַטן, קאָן מען פון זיי ניט פאַרלאַנגען, אז עסטרייך זאָל געווינען דעם קריג.

דער אומגליקלעכער בירגער האָט נאָר עפּעס געבעלעבע־טשעט, אז ער איז א קצב און אז ער האט געדינט אין גוואַרדיע, און האט אפילו ניט געטראַכט צו ריידן אזעלכע רייד.

בינתים האט דער גוטער פאַרשוין, וואס האט געגלויבט, אז שווייק איז אומשולדיק, אָפּגעצאָלט אין דער קאַנצעלאַריע די שטראָף און האָט אים אוועקגעפירט אין בופעט פון דריטן קלאַס, ווו ער האט אים מכבד געווען מיט ביר. און אַז עס האט זיך אַרויסגעוויזן, אז אַלע פאַפּירן שווייקס און זיין באַן־בילעט זיינען געבליבן ביים לייטענאַנט לוקאַש, האט דער דאָזיקער הער גע־שאָנקען שווייקן נאָך פינף קרוין אַפן בילעט און אַנדערע הוצאות.

ביים אוועקגיין האט ער שווייקן איינגעראַמט א סוד:

— אָט אַזוי, ליבער פריינט, ווי איך האב אייך געזאָגט, אַז איר וועט זיין אין רוסלאַנד אין געפאַנגענשאַפט, זאָלט איר איבערגעבן א גרוס דעם ביר = ברויער זעמאַן אין זדאָלבונאָווע. איר'ט פאַרשריבן דעם פאַמיליע=נאָמען? געדיינקט, מאַכט זיך ניט נאַריש און פאַרזיצט ניט אַפן פראָנט.

— מכח דעם מעגט איר זיין רואיק, — האָט געענטפערט שווייק. — מיר איז שטענדיק, זאָלט איר וויסן זיין, אינטערעסאַנט צו זען וועלט פאַר אומזיסט.

שווייק איז געבליבן זיצן אליין ביים טישל. אין דער זעלבי=קער צייט, בעת ער האט דאָ פאַוואָליע פאַרטרונקען דאָס פינ=פערל, וואס דער בעל=טובה האט אים געהאַט געשאָנקען, האט זיך צווישן יענעם טייל עולם אפן פעראָן, וואס איז געשטאַנען פון דער ווייטן און איז ניט געווען דערביי, ווי שווייק האט זיך אויסגע=טענעט מיטן סטאַנציע=שעף, פאַרשפרייט א קלאַנג, אז מען האט אַקאָרשט אַרעסטירט א שפיאָן, וואס האט פאָטאָגראַפירט דעם וואָקזאַל. נאָר דעם דאָזיקן קלאַנג האט תיכף אָפּגעלייקנט א פרוי, וואס האט געטענעט, אז די מעשה איז גאָר ניט מיט א שפיאָן, נאָר זי האט געהערט, אז א דראַגונער האָט אָנגעמקלט די ביי=נער איינעם אַן אָפיצער, ווייל יענער האט פאַרטשעפּעט זיין געליבטע, וואס איז געקומען אפן וואָקזאַל אים באַגלייטן.

א סוף אָט צו אָט די אלע קלאַנגען און השערות, וואס זיינען אַ סימן, אז בעת מלחמה איז דער עולם שטאַרק נערוועז, האט געמאַכט די זשאַנדאַרמעריע, וואס האט געהייסן דעם עולם זיך אָפּטראָגן פון פעראָן. און שווייק האט זיך געטרונקען זיין כוס און געהאַלטן אין זינען זיין לייטענאַנט. וואס וועט ער נעבעך טאָן, אז ער וועט אָנקומען אין בודוויים און וועט אין גאַנצן צוג ניט געפינען זיין געטרייען דינער?

אז עס איז אָנגעקומען דער פּאַסאַזשיר=צוג, איז דער בופעט דריטער קלאַס פול געוואָרן מיט סאָלדאַטן און ציוויל געקליידטע. סאָלדאַטן זיינען געווען מער. זיי זיינען געווען פון די פאַרשיידנ=סטע נאַציעס, וואס דער שטורעם פון דער מלחמה האט זיי גע=

האט צעשליידערט איבער די לאַזאַרעטן און וואָס איצט זיינען זיי געפאָרן צוריק אַפן פראָנט נאָך נייע וווּנדן און יסורים אָדער נאָך א פּראָסטן הילצערנעם קרייץ ערגעץ אין א מיטן פעלד...

איינער פון אָט די אומגליקלעכע נפשות האָט זיך איצט צוגעזעצט נעבן שווייקן. ער איז געווען אָקאָרשט פריי געלאָזט פון מיליטער־שפּיטאָל נאָך אן אָפּעראַציע. אָנגעטאָן אין א פּאַר־ברודיקטן, פאַרפלעקטן מונדיר, איז ער געווען עפּעס א צונויפגעקאָרטשעטער, אן אויסגעדאַרטער, א פאַרחושכטער. אוועקגעלייגט אַפן טישל זיין קליין רענצעלע. האָט ער ארויסגעשלעפּט א צעריסן טייסטערל און איבערגעציילט זיין געלט.

דערנאָך האָט ער א קוק געטאָן אף שווייקן און א פרעג געטאָן:

— א מאַדיאַר?

— ניין, חבר, א טשעך בין איך, — האָט זיך אָפּגערופן שווייק. — לאָמיר נעמען צו קאָפּעלעך.

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט יענער געענטפערט אף זיין לשון.

— נישקשה, — האָט שווייק גענומען אים מכבד זיין און צוגערוקט זיין פולע גלאָז דעם פאַרחושכטן סאָלדאַט. — נאַ, טו נאָר א רעכטן זופּ!

יענער האָט זיך אָנגעשטויסן, האָט א זופּ געטאָן און אָפּגעדאַנקט. דערנאָך האָט ער ווייטער גענומען בודק זיין דאָס טייסטערל. סוף כל סוף האָט ער א זיפץ געטאָן און איז אופגעשטאַנען. האָט שווייק פאַרשטאַנען, אז יענער חלשט א גלאָז ביר, נאָר עס פעלט אים אויס געלט. האָט שווייק באַשטעלט פאַר אים אויך. האָט דער מאַדיאַר אים ווידער אָפּגעדאַנקט און גענומען עפּעס דערקלערן שווייקן מיט תנועות און מאַכן מיט די הענט. ער האָט אויסגעשטרעקט די דורכגעשאָסענע האַנט און באַוויזן עפּעס און דערביי געבעלעמעטשעט עפּעס: „פּיף, פּאַף, באַץ!"

שווייק האָט מיט רחמנות צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און דער סאָלדאַט האָט אים נאָך דערציילט: ער האָט מיט דער לינקער

האָנט באַווייזן אַן ערך א האַלב מעטער פֿון דיל און דערנאָך אופֿגעהויבן דריי פֿינגער, — אז ער האט דריי קליינע קינדער.

— גאָרנישט, גאָרנישט, — האט ער ווייטער גערעדט, ווילנדיק זאגן, אז אין דער היים איז ביי אים ניטאָ גאָרנישט, און האט זיך געריבן די אויגן, וואס פֿון זיי זיינען גערונען טרערן און גערונען, מיטן ברודיקן אַרבל פֿון סאָלדאַטישן מאַנטל, ווי עס האט נאָך ארויסגעשיינט די לאָך פֿונם קויל, וואס האט אים געמאַכט פֿאַר א קאַליקע צוליב דעם כבוד פֿונם קעניג פֿון אונגאַרן.

ס'איז קיין חידוש ניט, וואס נאָך אזעלכע שמועסן איז ביי שווייקן פֿונם געקראָגענעם פֿינפֿערל שוין ניט געבליבן קיין העלער, און וואס ער האט פּאַמעלעך אָבער זיכער פֿאַרלאָרן דעם צונויפֿבונד מיט בודוויים, וואָרום מיט איטלעכן קופּל ביר, וואס ער האט באַשטעלט פֿאַר זיך אדער פֿאַרן פֿאַרווונדעטן מאַדיאַר, האט ער אלץ מער אָנגעוואָרן די מיגלעכקייט צו קויפֿן זיך א בילעט.

אָט איז שוין נאָך א צוג אוועק קיין בודוויים, און שווייק איז נאָך אלץ געזעסן ביים טישל און האט זיך צוגעהערט, ווי דער מאַדיאַר האט געטענעט אָן אן אופֿהער: „פֿיף, פֿאַף, באַץ! דריי קינדער, ניטאָ וואס צו עסן. עליען!"

דאס לעצטע וואָרט פֿלעגט ער אויסריידן, ווען ער פֿלעגט אָנשטויסן די גלעזער מיט שווייקן.

— מילא, טרינק שוין, טרינק, דו מאַדיאַרישע קישקע, — האט געענטפֿערט שווייק. — זשליאָקע, אז מען גיט. אייער איינער וואלט אונדז אזוי ניט מכבד געווען...

ביי א שכנישן טישל האט א סאָלדאַט דערציילט, אז ווען דער 28-טער טשעכישער פֿולק איז אָנגעקומען אין סעגעדין, האָבן די מאַדיאַרן זיך געריצט מיט די טשעכן: זיי פֿלעגן אופֿהויבן די הענט צו באַווייזן, ווי אזוי די טשעכן גיבן זיך אונטער.

געווען איז דאס דער ריינער אמת, נאר יענער סאָלדאַט האָט קענטיק געשפּירט זיך באַליידיקט דערפֿון, וואס שפּעטער איז דאס געוואָרן א געוויינטלעכע זאַך אין אלע טשעכישע פֿולקן, און וואָס סוף כל סוף האָבן דאס די מאַדיאַרן אויך גענומען טאָן,

בעת אָט די שחיטה לכבוד דעם קעניג פון אונגאַרן איז זיי דער־
עסן געוואָרן.

ווייטער האָט אָט דער סאָלדאַט דערציילט נאָך, ווי אַזוי זיי האָבן געממיתט די מאַדיאַרן אין סעגעדין און אפילו אַרויס־געטריבן זיי פון אייניקע שיינקען. דערבּיי האָט ער געלויבט אויך די מאַדיאַרן, אַז זיי קאָנען זיך גוט שלאָגן, און אַז ער אַליין האָט אין אָט דעם געשלעג געקראָגן מיט א מעסער אין רוקן, אַזוי אַז מען האָט געמוזט אים אָפּשיקן אין א שפּיטאָל אויף קוראַציע.

און איצט, אַז ער וועט קומען צוריק, וועט מסתמא זיין באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר געוויס אים הייסן אַריינזעצן דערפאַר, וואָס ער האָט ניט באַוויזן אָפּצודינען דעם מאַדיאַר מיט א שטאָך, בכדי יענער זאָל האָבן דאָס צו געדיינקען און בכדי צו ראַטעווען דעם כּבוד פון זיין פּולק...

— אייערע דאָקומענטן? — האָט זיך העפלעך געווענדט צו שווייקן דער שעף פון פּאַטרול, א פעלדוועבל, וואָס איז געגאַנגען פאַרבּיי, באַגלייט פון פיר סאָלדאַטן מיט ביקסן. גערעדט האָט ער געבראָכן טשעכיש. — איך זע אייך, איר זיצט, זיצט, ניט פאָרן, זיצן און טרינקען, אַלץ טרינקען!

— איך האָב ניט קיין דאָקומענטן, — האָט געענטפערט שווייק. — לייטענאַנט לוקאַש, פון 91־טן פּולק האָט זיי מיטגע־נומען מיט זיך, און איך בין דאָ געבליבן אויפן וואָקזאַל.

— איטלעכער סאָלדאַט מוז האָבן זיינע דאָקומענטן ביי זיך,— האָט געזאָגט דער פעלדוועבל.— אָן דאָקומענטן כאַפּט מען די אַרומשלעפּערס ווי משוגענע הינט, און ביז וואָס ווען שפּאַרט מען זיי איין.

האָט מען שווייקן אָפּגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור און געלאָזן אים זיצן אין וואַך־שטוב, ביז עס וועט קומען דער קאָ־מענדאַנט. אַז דער קאָמענדאַנט איז געקומען, האָט דער קאַפּראַל פון וואַך אַריינגעפירט שווייקן אין דער קאַנצעלאַריע. דאָרט איז געזעסן ביי א טיש, וו עס זיינען געווען אָנגעוואָרפן פּאַפּירן, א יונגער אָפיצער, וואָס איז קענטיק געווען שטאַרק ברוגז איבער עפּעס.

דערזען שווייקן מיטן קאַפּראַל, האָט ער אַרויסגעבראָכט:

— אַהאַ! נו יאָ!

איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז דעם דאָזיקן מענטשן האָט מען פאַרהאַלטן אויפֿן וואָקזאַל, ווייל ער האָט קיין דאָקומענטן ניט, — האָט דער קאַפּראַל אָפּגעגעבן ראַפּאָרט.

דער לייטענאַנט האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגן, אַז שוין מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט ער שוין פֿאָראויסגעזען, אַז אין דעם און דעם טאָג און אין דער און דער שעה וועט מען שווייקן פאַרהאַלטן אויפֿן וואָקזאַל, ווייל ער האָט ניט קיין דאָקומענטן. וואָרום אויב עמיצער וואָלט אין יענער מינוט אַ קוק געטאָן אויף שווייקן, וואָלט ער געמוזט האָבן דעם איינדרוק, אַז עס קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין, אַז אַ מענטש מיט אַזאַ פּרצוף און מיט אַזאַ אויסזען זאָל האָבן דאָקומענטן. אין יענער מינוט האָט שווייק אויסגעזען אַזוי, ווי ער וואָלט נאָר וואָס זיין אַראָפּגעפאַלן פון הימל אָדער פון אַן אַנדער פּלאַנעטע און קומט איצט מיט תמימותדיקער פאַרוווּנדערונג אַף אָט דער נייער וועלט, ווו מען פאַרלאַנגט פון אים אַזאַ משונהדיקע זאַך ווי דאָקומענטן.

דער לייטענאַנט האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלן אונטערשטופּן שווייקן, ער זאָל עפּעס זאָגן און אים געבן אַן אָנצוהערעניש, וואָס ער האָט צו פרעגן.

צולעצט האָט ער געפרעגט:

— וואָס'ט איר געטאָן אויפֿן וואָקזאַל?

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, איך האָב געוואַרט אויפֿן צוג קיין בודוויים, בכדי צו קומען צו מיין 91-טן פּולק, ווו איך בין אַ דינער ביים הער לייטענאַנט לוקאַש, וואָס איך בין געווען געצוווּנגען אים צו פאַרלאָזן, ווייל מען האָט מיך אָווועקגעפירט צו באַצאָלן שטראָף צום סטאַנציע-שעף, וואָרום מען האָט מיך חושד געווען, אַז דאָס האָב איך אַ ציִ געטאָן דאָס הענטל פון לופט-טאָרמאָז און אָפּגעשטעלט דעם צוג.

— מען קאָן דאָך פון זינען אַראָפּ! — האָט זיך צעשריען דער לייטענאַנט. — דערציילט דאָס אַלץ מיר אין אַ סדר און בקיצור און באַלבעט ניט וואָס ניט געשטויגן.

— ערלויבט צו מעלדן, האט דער לייטענאַנט, אז עס איז אונדז ניט געגאַנגען פון יענעם מאָמענט אָן, ווען איך מיטן הער לייטע־נאַנט לוקאַש האבן זיך געזעצט אין שנעלצוג, וואס האט אונדז באַדאַרפט וואס גיכער ברייגען אין 91־טן פולק אין בודוויים. ראשית חכמה איז ביי אונדז פאַרפאַלן געוואָרן א טשעמאָדאַן, דערנאָך האט אף צו פליסנט, עפעס א גענעראַל מיט א גוואַל־דיקן פליך...

— גאָט מיינער! — האט דער לייטענאַנט אָפּגעזיפצט.

— ערלויבט צו מעלדן, האט דער לייטענאַנט, אז דאס מוז אלץ ארויסגעטרייסלט ווערן פון מיר, ווי פון א האָריקער קאָלדרע, בכדי מען זאל קאָנען זיך מאַכן א בילד פון דעם וואס איז גע־שען, ווי עס פלעגט זאָגן דער פאַרשטאָרבענער שוסטער פעטר־זשיק, ווען ער פלעגט הייסן זיין אינגל אראָפּלאָזן די מייטקעס, איידער ער פלעגט זיך נעמען צום שמייסן.

דער לייטענאַנט האט ארויסגעלאָזן א וויטאָקדיקן קרעכץ, און שווייק האט זיך גערעדט זיינס:

— האב איך, הייסט דאס, ביי אט דעם פליבעדיקן גענע־ראַל עפעס ניט נושא חן געווען, און דערפאַר האט לייטענאַנט לוקאַש, וואס איך בין ביי אים א באַדינער, מיך ארויסגעשיקט אין קאָרידאָר אַרויס, און אין קאָרידאָר האט מען שפּעטער גענו־מען מיר אופוואַרפן, אז איך זאל האבן כלומרשט געטאָן דאס, וואס איך האב אייך שוין געמאָלדן. נו, און איידער מען האט גע־פּטרט דעם עסק, בין איך געבליבן איינער אליין אפן פעראָן. דער צוג איז אַוועק, און מיט אים איז אוועק דער הער לייטענאַנט מיט די טשעמאָדאַנעס און מיט אלע זיינע און מיינע דאָקומענטן, און איך בין דאָ געבליבן שטעקן אָן דאָקומענטן, ווי עפעס א יתום.

און שווייק האט צערטלעך און גערירט א קוק געטאָן אפן לייטענאַנט, וואס אים איז שוין איצט געווען קלאָר ווי דער טאָג, אז אָט דער פאַרשוין, וואס האט געמאַכט דעם איינדרוק פון א געבאָרענעם אידיאָט, האט געזאָגט דעם אמת.

האט דעמאָלט דער לייטענאַנט אויסגערעכנט שווייקן אלע צוגן, וואס זיינען אָפּגעגאַנגען קיין בודוויים נאָך דעם שנעלצוג,

און האט אים געשטעלט די פראגע, פארוואס האט ער אט די אלע צוגן דורכגעלאזן.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאנט, — האט געענט־פערט שוויק מיט א גוטמוטיקן שמייכל, — אז מיר האט געטראפן אן אומגליק פאר דער צייט, וואס איך האב געווארט אפן צווייטן צוג — איך האב ביי א טישל געטרונקען איין קופל ביר נאכן אנדערן.

„אזא בהמה האב איך נאך ניט געזען, — האט א טראכט געטאן דער לייטענאנט. — ער איז זיך דאך מודה אין אלץ. וויפיל זיי זיינען דא געווען ביי מיר, האבן זיי אלע געפרווט פארריידן די ציין, און אט דער־א זאגט זיך גאנץ רואיק: „איך האב דער־פאר דורכגעלאזן די צוגן, ווייל איך האב געטרונקען איין קופל ביר נאכן צווייטן".

פון אט די אלע געדאנקען האט ער געמאכט איין פראזע, געווענדט צו שוויקן:

— הערט זיך איין, איר זייט דאך אן אמתער דעגענעראט, איר ווייסט, וואס דאס הייסט, ווען מען זאגט וועגן א מענטשן, אז ער איז א דעגענעראט?

— ביי אונדז אפן ראג באזשיטשא און קאטארינען־גאס, ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאנט, האט אויך געוווינט איין דעגענעראט. זיין פאטער איז געווען עפעס א פוילישער גראף, און די מוטער איז געווען א הייבעם. ער פלעגט קערן די גאסן, און אין די קראמען האט מען ניט אנדערש געמוזט אים זאגן: „אייער דורכלויכט".

האט דער לייטענאנט איינגעזען, אז עס איז צייט צו מאכן א סוף צום שמועס, און האט אפגעהאקט:

— הערט זיך איין, וואס איך וועל אייך זאגן, איר פערד איינער, איר לײמענער גולם. גייט תיכף אין קאסע, קויפט זיך א בילעט און פארט אזעק קיין בודוויים. אויב איך וועל אייך נאך א מאל כאפן דא, וועל איך זיך מיט אייך באגיין, ווי מיט א דע־זערטיר. מארש!

און היות ווי שווייק האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, נאָר האט אַליין געהאַלטן די האַנט ביים דאַשיק, האָט דער לייטענאַנט א הויקע געטאָן:

— אַרויס פון דאַנען! האט איר ניט געהערט? מאַרש! קאַפּראַל פּאַלאַנעק, פירט אָפּ דעם דאָזיקן אידיאָט צו דער קאַסע און קויפט אים א בילעט קיין בודוויים.

אין א ווייַלע אַרום האט דער קאַפּראַל פּאַלאַנעק זיך ווי־דער א מאָל באַוויזן אין דער קאַנצעלאַריע. דורך דער האַלב־אָפענער טיר האט אַרייַנגעקוקט הינטער פּאַלאַנעקס רוקן שווייקס גוטמוטיקער פּרצוף.

— נו, וואס איז ווייטער?

— איך האב דעם כבוד צו מעלדן, הער לייטענאַנט, — האט דער קאַפּראַל פּאַלאַנעק געזאָגט שטילערהייט, ווי מען פאַר־טרויט א סוד — אז ער האט קיין געלט ניט אַף א בילעט, און איך האב אויך ניט. און אָן געלט וויל מען אים ניט פירן, ווייל ער האָט ניט קיין דאָקומענטן און קיין באַווייז, אַז ער פאָרט אין פּולק אַריין.

האט דער לייטענאַנט ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן אַף זיין קלוגן פּסק־דין.

— מילא, זאָל ער גיין צופוס, — האט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — און זאָל מען אין פּולק אים אַרייַנזעצן אין קאַרצער פאַר פאַרשפּעטיקן. וואָס איז דאָ זיך וואָס צו צאַצקען?

— ניט אָפּגעגאָלטן, ברודערקע, — האָט געזאָגט קאַפּראַל פּאַלאַנעק צו שווייקן, אַז ער איז אַרויס פון קאַנצעלאַריע. — ס'מוזן, נעבעך, שלעפּן זיך קיין בודוויים צופוס. אין וואַך־שטוב האָבן מיר א לאַבן ברויט, וועלן מיר דיר מיטגעבן אַפן וועג.

און אין א האַלב שעה אַרום, נאָכדעם ווי מען האָט אים נאָך מכבד געווען מיט שוואַרצער קאַווע און מיטגעגעבן אַפן וועג חוץ ברויט, נאָך א פּעקל קרוינשן טאַבאַק, האָט שווייק פאַרלאָזן טאַבאָר. עס איז געווען א פינצטערע נאַכט, נאָר שווייק האָט פריילעך געשפּאַנט און געזונגען א לעבעדיק סאָלדאַטן־ליד... דער טייוול וויים,

און ווי דאָס האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז דער בראַווער סאָל־דאַט שוויק האָט, אָנשטאָט צו פאַרנעמען זיך אין דרום־זייט קיין בודוויים, אַוועקגעשפּאַנט האַסטיק און ניט אָפּצושטעלן זיך גלייך קיין מערב!

ער האָט געשפּרייזט איבערן פאַרשנייטן וועג, איינגעוויקלט זיך פעסט אין זיין סאָלדאַטן־מאַנטל, פּונקט ווי דער לעצטער גרע־נאַדיר פון דער באַרימטער נאַפּאָלעאָנישער גוואַרדיע, וואָס איז געגאַנגען צוריק פון מאָסקווע, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס ער האָט פריילעך אונטערגעזונגען:

„בין איך מיר געגאַנגען אונטערן שטאָט
אין די גרינע וועלדער..."

און אין די באַשנייטע וועלדער האָט אין נאַכטישער שטיל־קייט אָפּגעהילכט אַן עכאָ, אַזוי אַז די הינט אין די דערפער האָבן זיך צעבילט.

און אַז שוויקן איז דערעסן געוואָרן צו זינגען, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אַף אַ הויפן זשוויר און האָט פאַררויכערט זיין ליולקע. און אַז ער האָט זיך אָפּגערוט, האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער אַנטקעגן נייע טרעפעונישן.

## 2

# שווייק מאַרשירט קיין בודוויים.

שווייק האָט שוין געהאַט אויסגעזוכט אַלע סאָלדאַטן־לידער, וואָס ער האָט געקענט נאָך זינט דער צייט, ווען ער האָט געדינט אין מיליטער, ווען ער האָט געטראָפן אַן אַלטיטשקע, וואָס איז געגאַנגען אַהיים פון קירך. דאָס איז געווען אַפן וועג צווישן קוועטאָוו און ווראַץ, וואָס האָט אַלץ געפירט קיין מערב־זייט. די אַלטיטשקע האָט אים באַגריסט:

— גוט מאָרגן, סאָלדאַט־לעבן, וווהין גייסטו דאָס?

— קיין בודוויים, באָבעניו, אין פולק אַריין, — האָט געענטפערט שווייק. — און דערנאָך אַף מלחמה.

— גייסטו דאָך ניט מיטן ריכטיקן וועג, — האָט זיך די אַלטיטשקע דערשראָקן אָפּגערופן. — מיט דעם וועג איבער ווראַץ וועסטו קיין מאָל אַהין ניט דערלאַנגען, וואָרום אויב דו וועסט גיין אַלץ גראָד אויס וועסטו קומען קיין קלאַטאָוואָ...

— און איך האַלט, — איז שווייק איר אַריינגעפאַלן אין די רייד, — אַז קיין בודוויים קאָן מען אָנקומען איבער קלאַטאָוואָ אויך. דאָס איז דאָך, כ׳לעבן, א פיינער שפּאַציר, ווען מען היילט זיך אין פולק אַריין, בכדי מען זאָל נאָך ניט האָבן קיין צרות פאַר גאָר דער מי צו קומען צו דער צייט.

— יאָ, ביי אונדז איז אויך געווען איינער א יונגערמאַנטשיק אַזוינער. ער האָט באַדאַרפט זיך מעלדן אין פילזן, אין לאַנדווער־פולק. גערופן האָט׳ן אים טאָני מאַשעק, — האָט די אַלטיטשקע אָפּגעזיפצט, — און געווען איז ער א שטיקל קרוב מיין פלימעניצע.

מילא, גוט, אַוועקגעפּאָרן. און אין א וואָך אַרום האָט אים שוין פּאָליציי געזוכט, וואָרום ער האָט זיך אין פּולק ניט געמאָלדן. און נאָך אין א וואָך אַרום איז ער געקומען צו אונדז צוריק אָנגעטאָן ציוויל, — מען האָט אים כלומרשט אָפּגעלאָזן אַף באַזוך אַהיים. מילא, איז דער סאָלט׳ם טאַקע אַוועק אין פּאָליציי, און דער דאָזיקער באַזוך איז טאַקע אונדזער יונגען מאַן אויסגעפאַלן פּידרעך... ער האָט שוין געשריבן פון פראָנט, אַז ער איז פאַרווונדעט — אָפּגעריסן א פוס...

די אַלטיטשקע האָט מיט רחמנות א קוק געטאָן אַף שווייקן.

וואַרט צו א ווײַלע דאָרט, אין וואַלד, וועל איך דיר אַרויסברענגען א ביסל בולבעס. וועסט אָפּעסן און אָנוואַרימען זיך. אונדזער כאַלופּקע שטייט ניט ווײַט פון דאַנען — אָן דאָרט הינטערן וועלדל, א קאַפּעלע רעכטס. אָבער דורכן דאָרף זאָלסטו ניט גיין, וואָרום דאָרט שניאָרען אַרום די זשאַנדאַרן, ווי הונגעריקע וועלף. בעסער גיי דורכן וואַלד גלײַך אַף מאַלטשין. אויך זאָלסטו זיך היטן אַרײַנצוגיין אין טשיזשאָווא. די זשאַנדאַרן זײַנען דאָרט רוצחים, רק להוט אַף דעזערטירן צו כאַפּן... גיי מיטן וואַלד קיין סעדלעץ. דאָרט איז דער זשאַנדאַר זייער א גוטער. לאָזט אַלעמען דורך,,. פאַפּירן האָסטו עפּעס?

— אָט דאָס איז דאָך די צרה, וואָס ניין!

— אויב אַזוי, גיי בעסער גאָר ניט אַהין, גיי גלײַך קיין ראַדאָמישל, און סטאַרע זיך צו קומען אַהין פאַרנאַכט צו, וואָרום אין אָוונט זיצן אַלע זשאַנדאַרן אין די שײַנקען. דאָרט זאָלסטו אויפזוכן אין אונטערשטן געסל א קליין שטיבל, וואָס איז אונטן אָפּגעפאָרבן בלאָ און זאָלסט פרעגן דעם בעל-הבית, מעליהאַרעק. דאָס איז מײַן ברודער. גיב אים אָפּ א גרוס פון מיר, וועט ער דיר זאָגן, ווי מען קומט קיין בודוויים.

אין וועלדל האָט שווייק איבער א האַלב שעה געוואַרט אַף דער אַלטער. אַז ער האָט זיך אָנגעוואַרימט מיט דער קאַרטאָפל-יויך, וואָס זי האָט אים געבראַכט אין א טאָפּ אַרומגעוויקלט מיט א וואַרימער שמאַטע, ער זאָל ניט אויסקילן, האָט די אַלטיטשקע

אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן טוך אַן אָקרייץ ברויט און א שטיק פּעטס, האָט דאָס אַריינגערוקט שווייקן אין די קעשענעס, איבער־געצלמט אים און געזאָגט, אַז זי האָט „דאָרט“ צוויי אייניקלעך.

דערנאָך האָט זי אים גענוי אויסגעטייטשט, וואָסערע דערפער ער מעג דורכגיין און וואָסערע ער זאָל אויסמיידן. סוף כל סוף האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע א קרוין, בכדי ער זאָל אין מאַלטשין קאָנען קויפן זיך בראָנפן, וואָרום דער וועג קיין ראַדאָמישל איז א ווייטער.

האט שווייק פון טשיזשאָוו, לויט ווי די אַלטע האָט אים געעצהט, פאַרקערעוועט אַף ראַדאָמישל, מיט דעם חשבון, אַז אין בודוויים קאָן מען אָנקומען פון וואָסער זייט מען וויל.

אין מאַלטשין האָט ער זיך באַקענט אין שיינקל, ווו ער האָט זיך געקויפט בראָנפן, מיט איינעם אַן אַלטן אַ הארמאָניקע־שפּילער, יענער האָט אים פאָרגעלייגט צו באַווייזן אַן אָרט אַף זיך צו באַהאַלטן. ער האָט א טאָכטער, וואָס איר מאַן איז אויך א דעזערטיר. ס'איז געווען קענטיק, אַז דער אַלטער האָט געכאַפּט אַן איבעריקן שנעפּסל.

און אַז שווייק האָט זיך העפלעך אָפּגעזאָגט פון זיין טובה, איז ער געוואָרן שטאַרק ברוגז, האָט זיך אָפּגעקערט פון וועג גלייך אַף לינקס און האָט געסטראַשעט, אַז ער גייט צום זשאַנ־דאַר אין טשיזשאָוו און וועט אָנמסרן אַף שווייקן.

פאַרנאַכט איז שווייק אָנגעקומען אין ראַדאָמישל און האָט געפונען אין אונטערשטן געסל דאָס שטיבל פונם פויער מעלי־הארעק. אַז ער האָט איבערגעגעבן אים א גרוס, פון זיין שוועס־טער אין ווראַץ, איז דער פויער קנאַפּ וואָס נתפעל געוואָרן.

ער האָט אַן רחמנות געפאָדערט ביי שווייקן זיינע דאָקו־מענטן. דאָס איז געווען א מענטש פון אַלטן שניט, און ער האָט גערעדט די גאַנצע צייט וועגן גזלנים, אַרומטרייבערס און גנבים, וועלכע האָבן כלומרשט פאַרפלייצט דעם גאַנצן קרייז.

— די דאָזיקע האָלעדראַנצעס אַנטלויפן פון דינסט, ווייל זיי האָבן קיין חשק ניט צו דינען, בלאָנקען זיך אַרום אין דער סביבה און שלעפּן צו אַלץ, וואָס עס מאַכט זיך אונטער די הענט, —

האָט ער געזאָגט שווייקן גלייך אין פּנים אַריין. — און איטלעכער פון זיי מאַכט דעם אָנשטעל פון א תּם, אַז ער קאָן א פליג אַף דער וואַנט ניט פאַרטשעפּען...

אָט דאָס איז די מעשה! א דבר ידוע, אַז אמת שטעקט אין די אויגן, — האָט ער מוסיף געווען, אַז שווייק איז אופגעשטאַנען אַוועקצוגיין. – האָט עמיצער א ריינעם געווּסן, וועט ער זיך פון אָרט ניט רירן און באַוויזן פאַפירן. און אַז ער האָט קיין פאַפירן ניט...

— פאַרבלייבט געזונט, זיידע.

— טראָג זיך אַף געזונטערהייט. גיי זוכן נאַראָנים.

און ווידער האָט שווייק דורכגעשפּרייזט כמעט א גאַנצע נאַכט. ניט ווייט פון פּוטים האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אַף א הויפן היי אין פעלד. בעת ער האָט גענומען פונאַנדערשאַרן די היי, האָט ער שיער ניט ביים סאַמע אויער דערהערט א שטים:

— פון וואָסער פּולק? וווּהין גייסטו?

— פון 91-טן. קיין בודוויס.

— וואָס טראָגט דיך דער שוואַרץ-יאָר?

— דאָרט וואַרט אַף מיר מיין לייטענאַנט.

האָט מען געקאָנט הערן, אַז גאָר דער נעבן לאַכט ניט איינער, נאָר גאַנצע דריי. אַז דער געלעכטער האָט זיך איינגע-שטילט, האָט שווייק געפרעגט, פון וואָסער פּולק זיי זיינען. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צוויי זיינען פון 35-טן, און דער דריטער איז אַן אַרטילעריסט, טאַקע פון בודוויס.

די צוויי האָבן דעזערטירט נאָך מיט א חודש צוריק, גראָד איידער מען האָט זיי געוואָלט באַשטימען אין א מאַרש-ראָטע, און דער אַרטילעריסט איז געווען א בורח פון זינט דער מאָביליזאַציע. ער האָט דערציילט, אַז ער איז אַליין פון פּוטים, און אַז אָט דער הויפן היי איז טאַקע זיין אייגענער. די נאַכט פאַרברענגט ער שטענדיק אין היי. נעכטן האָט ער יענע צוויי געפונען אין וואַלד און האָט זיי מיטגענומען אַף גאַכטלעגער.

אַלע האָבן זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז דער קריג וועט זיך ענדיקן אין אַ צוויי דריי חדשים אַרום. זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז די רוסן זיינען שוין אונטער בודאַפּעשט און

אין מעהרן. אַזוי האָבן אין פּוטים אַלע געהאַלטן. פאַרטאָג האָט די פּרוּוי פון אַרטילעריסט באַדאַרפט ברײנגען זײ צו עסן, דער־נאָך האָבן די דעזערטירן פון 35־טן געדאַרפט גײן צו זײערע קרובים באַהאַלטן זיך.

— און דו פון 91־טן, — האָבן זײ זיך געװענדט צו שװײקן,— אויב דו װילסט, קאָנסטו גײן מיט אונז. שפּײ אָף דײן לײטענאַנט.

— נײן, ברידערלעך, דאָס איז גאָרניט אַזוי גרינג, — האָט געענטפערט שװײק און האָט זיך אײנגעגראָבן טיפער אין הײ.

אינדערפרי, אַז ער האָט זיך אױפגעכאַפּט, איז שױן קײנער פון זײ ניט געװען. עמיצער, משמעות דער אַרטילעריסט האָט אים געלאָזן אַ שטיק ברױט אָפן װעג.

שװײק איז אַװעק מיטן װאַלד און נעבן שטעקנאַ האָט ער באַגעגנט עפּעס אַן אַרומגײער, אַן אַלטן שיכור, װאָס האָט זיך מיט אים צעװיטעװעט, װי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן, און האָט אים מכבד געװען מיט אַ זופּ בראָנפן.

— אַהין איז ניט כדאי דיר צו גײן, — האָט ער גענומען לערנען שװײקן.— אָט דער סאָלדאַטן־מאַנטל װעט דיך נאָר אַרײנ־פירן אין אַ בלאָטע. אומעטום איז איצט פול און פול מיט זשאַנ־דאַרן, און בעטן נדבות װעט מען דיך ניט לאָזן. אונדז דערגײען די זשאַנדאַרן שױן ניט אַזױ די יאָרן, דערפאַר אָבער נאָך אײערע חברה יאָגן זײ זיך — שױן אײן מאָל אַ געיעג!

— יאָ, איצט יאָגן זײ זיך נאָר נאָך אײערע חברה־לײט.

— האָט ער איבערגעחזרט מיט אַזאַ באַזיכערטקײט, אַז שװײק האָט באַשלאָסן אים גאָרנישט צו דערצײלן װעגן 91־טן פּולק. זאָל אָט דער װױלער אַלטיטשקער מײנען, אַז ער איז אַ דעזערטיר. װאָס אַרט עס אים?

— און װוהין גײסטו דאָס? — האָט דער אַלטער געפרעגט אין אַ װײלע אַרום, אַז זײ האָבן פאַררױכערט די ליולקעס און גענומען פּאַװאָליע שפּאַנען אױסצומײדן דעם דאָרף.

— קײן בודװײס.

— װאָס רעדסטו! — האָט דער אַלטער זיך אױפגערעקט.

— דאָרט װעלן זײ דיך דאָך אין אײן שמײ־דרײ כאַפּן, דו׳סט

ניט באַווייזן אַפילו א פּישצע טאָן. ווייסטו וואָס, דו מוזט ניט אַנדערש דערקאַזשען א צעריסענעם ציוויל-רעקל, און דו מוזט הינקען און בכלל האָבן דעם פּנים פון אַן אינוואַליד... נאָר האָב קיין מורא ניט. מיר גייען איצט קיין סטראַקאָניצע, דערנאָך קיין וואָלין, דערנאָך קיין טיכאַ, און איך בין ניט איך, אויב מיר׳ן ניט אויססטראָיען דיר עפּעס א ציווילן לייב-צודעק. דאָרט, אין סטראַ-קאָניצע, זיינען נאָך פאַראַן אַזעלכע נאַרישע און ערלעכע מענטשן, וואָס פאַרגעסן ביינאַכט צוצושליסן א טיר און אַף ביטאָג לאָזן זיי די טירן אין גאַנצן אָפן. איצט, ווינטער-צייט, גייט מען אַריין צו א שכן, כאַפּן א שמועס — אָט האָסטו דיר א שטיקל בגד און וועש. און קיין סך דאַרפסטו ניט. שטיוול האָסטו, הייסט דאָס, מער ניט עפּעס אויבערשט. דאָס מאַנטעלע איז קענטיק, א שפּלס?

— אודאי.

— הייסט דאָס, דאַרף מען דאָס באַהאַלטן. דערין וועסטו גיין איבער די דערפער. דאַרפסטו האָבן א רעקל און מייטקעס. אַז מיר וועלן דאָס דערקאַזשען, וועלן מיר פאַרקויפן דיינע סאָל-דאַטישע הויזן און די בלוזע איינעם א באַקאַנטן פאַרשווינדל אין באָדניאַן, וואָס קויפט אוף קרוינשע זאַכן און פאַרקויפט זיי אין די דערפער.

— היינט גייען מיר קיין סטראַקאָניצע, — האָט ער ווייטער אויסגעמעלט זיין פּלאַן. — א שעה פיר גאַנג פון דאַנען געפינט זיך די שאָף-שטאַל פון שוואַרצנבערג. דאָרט איז פאַראַן מיינער א באַקאַנטער, א פּאַסטוך, אויך שוין א זקן. ביי אים וועלן מיר איבערנעכטיקן, און מאָרגן, באַגינען וועלן מיר זיך לאָזן גיין קיין סטראַקאָניץ און מירן פּרווון ווי עס איז אויסשתדלען דאָרט פאַר דיר א שטיקל ציווילן בגד.

אין שאָף-שטאַל האָט שוויק אָנגעטראָפן א פריינטלעכן אַלטיטשקן, וואָס האָט נאָך געדיינקט, ווי זיין זיידע פלעגט דער-ציילן פון די פראַנצויזישע מלחמות. ער איז געווען מיט א יאָר צוואַנציק עלטער, ווי דער אַרומגייער, און דערפאַר האָט ער ביידע אורחים זיינע גערופן „זונעלעך“.

— אָט אַזוי אי׳ די מעשה, זשונעלע, — האָט ער גענומען ריידן מיט זיינע הוילע יאַסלעס, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אויס=געזעצט פאַרן פייער, וווּ עס איז געשטאַנען און געקאָכט זיך א טאָפּ קאַרטאָפּלעס, — אין יענע צייטן האָט מיין זיידע אויך דעזער=טירט, אָט אַזוי אַן ערך ווי דו. נאָר מ׳האָט אים אין באָדניאַן געכאַפּט און מען האָט אים אַזוי אריינגעצימבלט אין באלף מחילות אריין, אַז פּעדערן זיינען געפלויגן. און ער איז נאָך אָפּגעקומען מיט חסד. אָט דער עלטסטער זון יאַרעשעס פון ראַזשיטש אַף יענער זייט פּראָטיווין, דעם אַלטן יאַרעשעס זיידע, ער האָט טאַקע אין פּיסעק געמוזט אַראָפּשלינגען דאָס גוטע שטיקל בליי. געפּיי=ניקט האָבן זיי אים און דערשאָסן... און דו, זונעלע, ווען ביסטו אַנטלאָפן?

ער האָט אָנגעשטעלט זיינע פאַרטרערטע אויגן אַף שווייקן.

— באַלד נאָך דער מאָביליזאַציע, ווען מען האָט אונדז אָפּ=געפירט אין קאַזאַרמע, — האָט געענטפערט שווייק, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניט כדאי צו האַמפּערן זיך מיטן אַלטן פּאַסטוך.

— ביסטו, הייסט דאָס, אויך אריבערגעקלעטערט איבער פּלאַנקען? — האָט דער אַלטער ווייטער געפרעגט; ער האָט משמעות, נאָך גוט געדיינקט זיין זיידעס דערציילונג.

— אַנדערש האָט מען ניט געקאָנט, זיידע=לעבן.

— און וואַך=זעלנערס זיינען געווען א סך? האָבן זיי גע=שאָסן?

— נאָך ווי געשאָסן!

— און וווּהין גייסטו דאָס איצט?

— עפּעס א פליג האָט אים געשטאָכן, — האָט פאַר שווייקן געענטפערט דער אַלטער אַרומגייער. — ער וויל ניט אַנדערש קומען קיין בודוויים. א פּראָסטער שכל, יונג און נאַריש, קריכט דאָס אַף דער תּליה. משמעות, אַז איך וועל שוין מוזן מיט אים צוקנעלן א ביסל! א שטיקל לייב=צודעקל א ציווילס וועלן מיר שוין דערקאַזשען, און דעמאָלט זיינען מיר אָפּן פערד. ביז פרי=יאָר וועלן מיר זיך א קאַפּעלע צומוטשען, און פרי=יאָר וועלן מיר

זיך אָנדינגען אַף אַרבעט בײַ אַ פּויער. אַרבעטער װעלן הײַ=יאָר זײַן טײַער. ס'װעט זײַן הונגעריק... זאָגן זאָגט מען, אַז מ'װעט אַלע אַרומגײַערס סײַ װי שיקן אַף צװאַנגס=אַרבעטן אַף די פעלדער. מײַן איך, אַז גלײַכער איז צו גײַן מיטן גוטן װילן. מ'װעט דאָך אויסהרגען אַ ים מענטשן!

— הײסט דאָס, זונעלע, דו מײנסט, אַז די מלחמה װעט זיך ניט ענדיקן אַזױ גיך? ריכטיק, זונעלע! מלחמות זײַנען שטענדיק געװען. געװען די מלחמה מיט נאַפּאָלעאָנען, דערנאָך איז געװען, װעדליג מען האָט אונדז דערצײלט, די שװעדישע מלחמה און זיבניאָריקע מלחמות. און דאָס אַלץ דערפֿאַר, װײַל די מענטשן האָבן פֿאַרזינדיקט. הערסט אַ מעשה, עס שמעקט זײ שוין מער ניט קײן שאָפֿן=פלײש. װילן זײ שוין מער ניט פרעסן קײן שאָפֿן=פלײש! אַ מאָל פלעגן זײ זיך שלעפּן אַהער מחנותװײַז, איך זאָל זײ פֿאַרקויפֿן אַ שעפּסל הינטן אַרום, און די לעצטע יאָרן — גיב זײ רק חזיר=פלײש און רק הינדעלעך, און אַלץ פּוטער, און אַלץ אַף רײנע שמאַלץ! אָט שטראָפט זײ גאָט פֿאַר זײער גרויס האַלטן זיך. אָט װעלן זײ זיך דאָס אָנהונגערן...

דאָס װאַסער אין טאָפּ האָט גענומען זידן, און דער אַלטער פּאַסטוך האָט נאָך אַ קלײנער הפסקה גענומען זאָגן נביאות:

— און די מלחמה װעט ער ניט געװינען, אונדזער קיסר. עפּעס ניטאָ קײן מונטערקײט אין פאָלק. װאָלסט נאָר הערן, זונעלע, װאָס די שכנים צערײדן, װען זײ קומען זיך צונויף. איטלעכער האָט דאָך עמיצן אַפֿן פראָנט. װאָלסטו דאָס הערן, װאָס מען שמועסט, און שמועסן שמועסט מען, אַז נאָך דער מלחמה װעט זײַן פרײַהײט פֿאַר אַלעמען, און עס װעלן מער קײן פּריצים ניט זײַן, און עס װעלן מער קײן מלכים ניט זײַן און קײן פירשטן, און מען װעט בײַ זײ צונעמען די מאַיאָנטקעס. אָט פֿאַר אַזעלכע שמועסן האָבן די זשאַנדאַרן צוגענומען אײנעם אַ געװיסן קאַרזשינקאַ. זײ האָבן געזאָגט, אַז ער העצט דאָס פאָלק. יאָ, איצט זײַנען די זשאַנדאַרן די גאַנצע מאַכערס!

אָט אין אַזעלכע שמועסן האָבן די דריי פאַרבראַכט דעם אָוונט. אָפּגעגעסן, האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אַף די שלאָף־בײנק אין וואַרימען שטיבל און זײנען באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

בײנאַכט האָט שוויק זיך שטילערהייט אָנגעטאָן און איז אַרויס. אין מזרח־זייט איז אויפגעגאַנגען די לבנה, און בײ איר שוואַכן שיין האָט שוויק מונטער אַוועקגעשפּאַנט קיין מזרח, טענהנ־דיק פאַר זיך:

— עס קאָן דאָך ניט געמאָלט זײן, איך זאָל ניט דערלאַנ־גען קיין בודוויים!

אַז ער איז אַרויס פון וואַלד, האָט אין דער רעכטער האַנט זיך באַוויזן א שטאָט; האָט שוויק דעריבער פאַרקערעוועט צווערשט קיין מערב, דערנאָך קיין דרום, וו עס האָט זיך ווידער א מאָל באַוויזן א שטאָט. דאָס איז געווען וואָדניאַן. האָט ער איבער לאָנ־קעס זיך אַרומגעדרייט און אויסגעמיטן די שטאָט, און די אויפ־גייענדיקע זון האָט אים געטראָפן אַף די פאַרשנייטע שפּועים, וואָס איבער פּראָטיווין.

— מאַרש פאָרויס! — האָט זיך געמונטערט דער בראַווער סאָלדאַט שוויק. — איך מוז דאָך טאָן מײן חוב. איך מוז פאָרט קומען אין אָט דעם פאַרשאָלטענעם בודוויים.

נאָר ווי אַף צו להכעיס האָבן שוויקס טריט זיך געווענדט ניט אין דרום־זייט קיין בודוויים, נאָר אין צפון־זייט קיין פּיסעק.

אַרום האַלבן טאָג האָט שוויק פאַר זיך דערזען עפּעס א דערפל. אַראָפּלאָזנדיק זיך פון א נידעריקן בערגל, האָט ער באַ־שלאָסן, אַז ווייטער קאָן דאָס אַזוי ניט גיין, און אַז ער וועט שוין פרעגן, ווי אַזוי גייט מען קיין בודוויים.

בײם אַרײנגיין אין דאָרף, איז ער געווען נשתומם ביז גאָר, ווען ער האָט דערזען אַף א סלופּ נעבן ערשטן הײזל אָנגעשריבן: „פּוטימער קרײז".

— אָט א צרה! — האָט שוויק א קרעכץ געטאָן. — בין איך, הייסט דאָס, שוין ווידער אין פּוטים, וו איך האָב שוין איין מאָל געשלאָפן אין היי.

און דערנאָך האָט ער זיך שוין כלל ניט געוווּנדערט, ווען פון א קליינעם ווייסן הייזל, וואָס איבער דעם איז געהאַנגען אַן עסטרייכישער אָדלער, איז ארויס א זשאַנדאַר, פּונקט ווי א שפּין, וואס היט זיין שפּינוועבס.

דער זשאַנדאַר האָט זיך געלאָזט גיין גלייך צו שווייקן און האָט נאָר אַרויסגערעדט:

— וווּהין?

— קיין בודוויים, אין פּולק.

— איר גייט פון בודוויים. בודוויים איז דאָך געבליבן אייך פון הינטן, — האָט דער זשאַנדאַר זיך ביז צעשמייכלט און האָט מיטגעשלעפּט שווייקן אין דער קאַנצעלאַריע.

דער זשאַנדאַרן־וואַכמייסטער פון פּוטים איז געווען באַוווּסט אין דער גאַנצער סביבה אַדאַנק זיין טאַקטישן און צוגלייך אי־בערגעשפּיצטן שטייגער צו פירן דעם פאַרהער. ער האָט קיין מאָל זיך ניט געזידלט און האָט קיין מאָל ניט אָנגעשריען אַף די אַרעסטירטע, אָבער דערפאַר פלעגט ער זיי שטעלן אַזאַ קרייץ־פאַרהער, אז אפילו אומשולדיקע פלעגן זיך מוזן מודה זיין.

ביידע זשאַנדאַרן פון דעם פּאָסטן האָבן איבערגענומען זיין סיסטעם, און דעם קרייץ־פאַרהער פלעגט געוויינלעך באַגלייטן דער געלעכטער פון גאַנצן דינסט־פּערסאָנאַל.

— נו, גוטן מאָרגן, חבר, סקאָצל קומט, — האָט דער וואַכ־מייסטער זיך געווענדט צו שווייקן. — איר זייט אוודאי מיד פון וועג? זעצט זיך צו און דערציילט אונדז, וווּהין איר גייט.

האט שווייק איבערגעחזרט, אז ער גייט קיין בודוויים, אין פּולק אריין.

— אויב אזוי האט איר בלי ספק פאַרבלאָנדזשעט, — האט דער וואַכמייסטער געזאָגט מיט חוזק, — וואָרום איר גייט פּונקט פון בודוויים, איך קאָן דאָס אייך גרינג באַווייזן. אָט האָט איר די קאַרטע פון ביימען. טוט נאָר א קוק! אין דרום־זייט פון אונדז ליגט פּראָטיווין. אין דרום־זייט פון פּראָטיווין גלובאָקאַ, און נאָך דרומדיקער — בודוויים. אזוי ארום זעט איר אליין, אז איר גייט ניט קיין בודוויים, נאָר פון בודוויים.

דער וואַכמייסטער האָט פּריינטלעך געקוקט אויף שווייקן, וואָס האָט רואיק און מיט ווערדע געענטפערט:

— און פאָרט גיי איך קיין בודוויים.

— אויב אַזוי, טאָ ענטפערט אָן הינטער־גיינגלעך, פון וואַנען גייט איר און אויף וואָסער וועג זייט איר געגאַנגען אין אייער בודוויים. איך זאָג מיט א כיוון „אייער" בודוויים, ווייל ס'איז באַשיימפערלעך פאַראַן נאָך א בודוויים, וואָס ליגט אין צפון־זייט פון פּוטים און איז ניט פאַרצייכנט אויף קיין איין קאַרטע.

— איך בין אַרויסגעגאַנגען פון טאַבאָר.

— וואָס'ט איר געטאָן אין טאַבאָר?

— איך האָב געוואַרט אויפן צוג קיין בודוויים.

— פאַרוואָס זייט איר ניט געפאָרן קיין בודוויים מיטן צוג?

— ווייל איך האָב קיין בילעט ניט געהאַט.

— פאַר וואָס האָט מען אייך ניט געגעבן קיין פרייען בילעט, איר זייט דאָך א סאָלדאַט?

— איך האָב ביי זיך קיין פּאַפּירן ניט געהאַט.

— אָט דאָ איז דער הונט באַגראָבן! — האָט דער וואַכמייסטער זיך געווענדט מיט נצחון צו איינעם פון די זשאַנדאַרן. — ער איז גאָר ניט אַזאַ שוטה, ווי ער מאַכט זיך, און הויבט אָן בּיסלעכווייז צו פּלאָנטערן זיך.

איצט האָט דער וואַכמייסטער ווידער אָנגעהויבן פון אָנהויב, אַזוי ווי ער וואָלט ניט האָבן געהערט דעם לעצטן ענטפער מכח די פּאַפּירן.

— זייט איר, הייסט דאָס, אַרויסגעגאַנגען פון טאַבאָר. וווּהין זייט איר געגאַנגען?

— קיין בודוויים.

דעם וואַכמייסטערס פּנים איז געוואָרן א האַרעלע שטרייַנגער, און זיין בליק איז ווידער געפאַלן אויף דער קאַרטע.

— איר קאָנט אונדז אָנווייזן אויף דער קאַרטע, ווי איר זייט געגאַנגען קיין בודוויים?

— אַלע ערטער געדיינק איך ניט, איך געדיינק נאָר, אַז איין מאָל בין איך שוין געווען אין פּוטים.

דער גאַנצער פערסאָנאַל פון פּאָסטן האָט זיך איבערגעקוקט מיט חידוש, און דער וואַכמייסטער האָט ווייטער גערעדט:

— הייסט דאָס, איר זייט געווען אין טאַבאַר אַפן וואָקזאַל. האָט איר עפּעס בײַ זיך? ווײַזט אָקאָרשט אַהער?

האָט ער גוט ארומגעזוכט שווייקן און האָט גאָרנישט געפונען, חוץ א ליולקע און א פושקעלע שוועבעלעך. און ער האָט געפרעגט:

— זאָגט מיר, פאַר וואָס האָט איר בײַ זיך גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט?

— ווייל איך באַדאַרף קיין זאַך ניט האָבן.

— אָט א צרה! — האָט דער וואַכמייסטער אָפּגעזיפצט.

— איר האָט אָקאָרשט געזאָגט, אַז איר זייט שוין געווען איין מאָל אין פּוטים. וואָס האָט איר דאָ געטאָן דעמאָלט?

— איך בין געגאַנגען איבער פּוטים קיין בודוויים.

— נו, זעט איר שוין, ווי איר זייט סותר אייערע אייגענע רייד? פריער האָט איר געזאָגט, אַז איר זייט געגאַנגען קיין בוד-וויים, און איצט דערציילט איר שוין, אַז איר גייט פון בודוויים.

— איז וואָס? איך האָב געמאַכט אַן אומוועג.

האָט דער וואַכמייסטער זיך ווידער איבערגעקוקט מיט די זשאַנדאַרן.

— א פיינער אומוועג, ניטאָ קיין טענות! ווייסט איר וואָס? מיר דוכט, אַז ער האָט זיך פשוט ארומגעדרייט דאָ... נו, מילא, זאָגט נאָר, לאַנג זייט איר געבליבן אין טאַבאַר אַפן וואָקזאַל?

— ביז דער לעצטער צוג איז אוועק קיין בודוויים.

— און וואָס'ט איר דאָרט געטאָן?

— געשמועסט מיט סאָלדאַטן.

א נייער פיל באַדייטנדיקער בליק פון וואַכמייסטער אַף די זשאַנדאַרן.

— נו, פון וואָס, אשטייגער, האָט איר געשמועסט און וואָס האָט איר געפרעגט?

— איך האָב געפרעגט, פון וואָסער פּולק זיינען זיי און וווּהין זיי פאָרן.

— אויסגעצייכנט. און האָט איר בײַ זיי, אשטייגער, ניט געפרעגט, וויפיל מענטשן זיינען פאַראַן אין א פּולק און ווי איז ער איינגעטיילט?

— ניין, דאָס האָב איך ניט געפרעגט, ווייל איך ווייס דאָס אליין שוין לאַנג אַף אויסווייניק.

— הייסט דאָס, אז אייך איז גוט באַקאַנט דער באַשטאַנד פון אונדזער אַרמיי.

— געוויס, הער וואַכמייסטער.

און איצט האָט דער וואַכמייסטער אויסגעשפּילט זיין לעצטן טרומף, מיט א קוק פון נצחון אַף זיינע זשאַנדאַרן:

— רוסיש קענט איר ריידן?

— ניין.

האָט דער וואַכמייסטער א ווונק געטאָן צום עלטסטן זשאַנדאַר, און אַרויס מיט אים אין צווייטן צימער, האָט ער אים געמאָלדן, רייבנדיק די הענט פאַר נחת און קוועלנדיק פון דער איי־גענער הצלחה:

— איר'ט געהערט? ער קען קיין רוסיש ניט ריידן! קענ־טיק, א געריבענער חברה־מאַן! אין אַלץ זיך מודה געווען, נאָר אין דער עיקר־זאַך וויל ער ניט מודה זיין. מאָרגן שיקן מיר אים איבער דעם באַצירק־שעף אין פּיסעק. די קרימינאַליסטיק איז גע־בויט אַף פיינעם שכל און פריינטלעכער באַהאַנדלונג. ווער האָט דאָס געקאָנט זיך ריכטן אַף אַזוינעם? אויסזען זעט ער אויס ווי א לעקיש, אָבער דוקא מיט אַזעלכע פאַרשוינען דאַרף מען זיין געהיט. ביז וואָס ווען זעצט אים אַוועק אונטער שלאָס און ריגל, און איך וועל גיין שרייבן דעם פּראָטאָקאָל.

און נאָך אין זעלביקן טאָג פאַרנאַכט צו האָט דער וואַכ־מייסטער געהאַט פאַרטיק א פּראָטאָקאָל, ווו אין איטלעכער פראַ־זע זיינען געווען צו לייענען די ווערטער „חשודיקער אין שפּיאָ־נאַזש" און געענדיקט האָט ער זיך מיטן זאַץ: „אַפן סמך פון אויבן געזאָגטן האָב איך דעם כבוד צו מעלדן, אז דער פיינטלע־כער אָפיצער איז היינטיקן דאַטום דורך מיר איבערגעשיקט גע־וואָרן אין דער באַצירק־פאַרוואַלטונג פון דער זשאַנדאַרמעריע אין

פיסעק". געענדיקט שרייבן, האָט ער צופרידן א שמייכל געטאָן און א רוף געטאָן צום עלטסטן:

— האָט איר דעם פיינטלעכן אָפיצער געגעבן עפּעס צו עסן?

— לויט אייער פאַראָרדענונג, הער וואַכמייסטער, גיט מען ביי אונדז ארויס פּראָוויזיע נאָר פאַר יענע, וואָס מען האָט זיי געבראַכט און פאַרהערט ביז צוועלף ביי טאָג.

— אין דעם פאַל מוז מען מאַכן אַן אויסנאַם, — האָט דער וואַכמייסטער ארויסגערעדט מיט ווערדע. — די מעשה איז דאָס, וואָס דאָס איז, קענטיק, אַן אָפיצער פון א העכערן ראַנג, אפשר עמיצער פון גענעראַל-שטאַב. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אז די רוסן וועלן ניט שיקן צו אונדז שפּיאָנירן א ליאַדע יעפרייטער. שיקט נאָך א וואַרימעס פאַר אים אין טראַקטיר „קאָקורעק", און אויב דאָרט איז גאָרנישט ניטאָ, זאָלן זיי מאַכן וואָס צו עסן. דערנאָך זאָלן זיי פאַרקאָכן טיי מיט ראָם און ארופשיקן אַהער. איר זאָלט נאָר ניט זאָגן, פאַר וועמען. בכלל זאָלט איר קיינעם ניט זאָגן, אַז דאָ איז עמיצער פאַראַן. דאָס איז א מיליטערישער סוד. וואָס טוט ער איצט?

— ער האָט געבעטן א ביסל טאַבאַק, זיצט אין וואַך-שטוב און שפּירט זיך, קענטיק, ווי ביי זיך אינדערהיים. „ביי אייך איז דאָ וואַרים, — זאָגט ער, — און דער אויוון, דוכט זיך, רויכערט ניט. מיר איז דאָ ביי אייך זייער געפעלן. און אויב דער אויוון וועט אָנהויבן רויכערן, וועט'ן מוזן אויסרייניקן דעם קוימען. נאָר דאָס דאַרף מען טאָן ערשט נאָך מיטאָג, און נאָר דעמאָלט, ווען די זון שטייט ניט איבערן קוימען".

— אָהאָ, שוין איין מאָל א חברה-מאַן! — האט דער וואַכמייסטער געזאָגט מיט אמתער התפעלות אין דער שטים. — ער מאַכט דעם אָנשטעל, ווי דאָס קער זיך צו אים ניט אָן, און ווייסן ווייס ער גוט, אז מען וועט אים שיסן. אזא מענטשן באַדאַרף מען אַכטן, אפילו אויב ער איז אונדזער שונא. אזא מענטש גייט דאָך אַף א זיכערן טויט. איך ווייס ניט, צי איך מיט אייך וואָלטן געקאָנט דורכמאַכן דאָס נעמלעכע. ביי אונדז וואָלט אפשר ניט גע-

קלעקט קיין מוט... יאָ, מיר האבן זיך פאַררעדט. גייט, לויפט באַשטעלט וואַרימעס, און דעם אַרעסטירטן שיקט אַריין צו מיר.

האָט דער עלטסטער געבראַכט צו פירן שווייקן; דער וואַכמייסטער האָט אים פריינטלעך באַגריסט. אָנגעבאָטן אים א שטול צום זיצן און גענומען אים ווידער אויספרעגן, צי ער האט עלטערן.

— ניין.

האט דער וואַכמייסטער תיכף א טראַכט געטאָן, אז אזוי איז טאַקע בעסער, קיינער וועט, לפחות, ניט וויינען נאָך אָט דעם אומגליקלעכן. דערביי האָט ער ניט אַראָפּגעלאָזן די אויגן פון שווייקס גוטמוטיקן פּרצוף, און מיט א מאָל האט ער אים מעשה גוט־פריינט א קלאַפּ געטאָן אַפן פּלייצע, צוגעבויגן זיך צו אים און א פרעג געטאָן מיט א פאָטערלעכן טאָן:

— נו, און ווי געפעלט אייך אין ביימען?

— אין ביימען געפעלט מיר אומעטום זייער גוט, — האָט שווייק געענטפערט. — אונטערוועגס האָב איך אומעטום געטראָפן זייער ווילע מענטשן.

— און וואָס האט איר געקלערט צו טאָן אין בודוויים? — האט דער וואַכמייסטער ווידער אָנגעהויבן זיין פריערדיקן פאַרהער.

— דינען אין 91־טן פּולק.

האט דער וואַכמייסטער פאַרגעלייגט שווייקן, ער זאָל ווידער אַוועקגיין אין וואַך־שטוב, און ער האָט אַף דער גיך, כדי ניט צו פאַרגעסן, צוגעשריבן צו זיין מעלדונג דער באַצירק - פאַרוואַלטונג אין פּיסעק: „ער קען בשלמות טשעכיש און האט געהאַט בדעה אַריינצוטרעטן אין בודוויים אין 91־טן פּולק".

איבערגעלייענט נאָך א מאָל די גאַנצע מעלדונג, איז דער זשאַנדאַרן - וואַכמייסטער פלאַנדערקאָ געווען שטאַרק צופרידן און האט געריבן די הענט פאַר שמחה. ער איז געווען באַזיכערט, אז דער שעף פון דער באַצירק־פאַרוואַלטונג אליין וועט אים קלאַפּן אַף דער פּלייצע און זאָגן צו אים: „איך גראַטוליר אייך, הער וואַכמייסטער".

דער וואַכמייסטער האָט נאָך געמאָלט זיך אין זיין דמיון אַנדערע פיינע בילדער: אָרדנס, א העכערונג אין ראַנג, אָנערקענונג פון זיינע קרימינאַליסטישע פייאיקייטן, וואָס עפענען פאַר אים א גלענצנדע קאַריערע...

ער האָט א רוף געטאָן דעם עלטסטן:

— נו, געקראָגן וואַרימעס?

— מען האָט אים געבראַכט געדויבערטע ברוסט מיט זויערע קרויט און מיט איינטריפלעך. זופּ איז שוין מער ניט געווען. האָט ער אויסגעטרונקען טיי און בעט נאָך.

— מילא, גיט אים נאָך א גלאָז, — האָט דער וואַכמייסטער ערלויבט. — און אז ער וועט ענדיקן טרינקען, זאָלט איר אים ברענגען צו פירן אהער.

— נו, האָט איר זיך גוט אָנגעגעסן? — האָט געפרעגט דער וואַכמייסטער, אז דער עלטסטער האָט אין א האַלב שעה אַרום אריינגעפירט שווייקן, א זאַטן און א צופרידענעם, ווי שטענדיק.

— נישקשה, הער וואַכמייסטער, מער ניט קרויט איז געווען ווינציקלעך. מילא, ס'מאַכט ניט אויס. איך ווייס דאָך, איר האָט זיך אַף מיר ניט געריכט. די ברוסט איז געווען גוט דורכגעוויאַנדלט; מסתמא היימישע פלייש, פון אן אייגענעם חזיר. די טיי מיט ראָם איז מיר אויך געפעלן.

האָט דער וואַכמייסטער א קוק געטאָן אַף שווייקן און האָט אַרויסגערעדט:

— איז דאָס אמת, אז אין רוסלאַנד טרינקט מען א סך טיי? און ראָם קאָן מען דאָרט אויך קריגן?

— ראָם קאָן מען קריגן אין דער גאַנצער וועלט, הער וואַכמייסטער.

„מ'קען דיך, פעטער, — האָט דער וואַכמייסטער א טראַכט געטאָן, — 'סט געדאַרפט פריער צוקלערן, וואָס צו ריידן".

און צוגעווענדט זיך צו שווייקן, האָט ער א פרעג געטאָן מעשה גוט־פריינט:

— נו, און מיידלעך זיינען אין רוסלאַנד פיינע?

— פיינע מיידלעך קען מען אומעטום געפינען, הער וואכמייס־
טער.
„אָט א דרייקאָפּ! — האט דער וואכמייסטער ווידער א קלער
געטאָן. — געפינט דאָס באַלד דעם תירוץ!“
און באַלד ארויסגערוקט זיין גרעסטע באמבע:
— זאָגט נאָר, וואָס'ט איר געוואָלט טאָן אין 91־טן פולק,
— איך האָב געוואָלט מיט אים אַוועק אָפּן פראָנט.
האָט דער וואכמייסטער מיט א שיינענדיקן פּנים א קוק
געטאָן אַף שווייקן און האט געזאָגט:
— אויסגעצייכנט! דאָס איז דאָך דער בעסטער וועג צו קו־
מען קיין רוסלאַנד.
„טאַקע פיין צוגעקלערט! — איז דער וואכמייסטער ביי זיך
אין האַרצן געווען מלא שמחה. נאָר ער האָט אומזיסט געזוכט צו
כאַפּן, ווי אזוי האָבן זיינע רייד געווירקט אַף שווייקן. ער האָט
געמוזט קאָנסטאַטירן, אז ער איז געבליבן קאַלט, ווי ניט אים
מיינט מען.
„דער דאָזיקער מענטש האָט אפילו מיט אַן אויג ניט א
פינטל געטאָן, — האט דער וואכמייסטער זיך געגרווילט אין געדאַנק.
— אָט ווי זיי זיינען אויסגעמוּשטירט. וואָלט איך געווען אַף זיין
אָרט, און עמיצער טוט מיר א זאָג אזא זאַך, וואָלט איך אויסגע־
גאַנגען פאַר שרעק...“
— מאָרגן פרי שיקן מיר אייך אָפּ קיין פּיסעק, — האט ער
באַמערקט אזוי ווי דרך אַגב. — זייט איר אַמאָל געווען אין פיסעק?
— יאָ, אין יאָר 1910 אַף די גרויסע מאַנעווערס.
נאָך דעם דאָזיקן ענטפער איז דעם וואכמייסטערס שמייכע־
לע געוואָרן נאָך פרייַנטלעכער און נאָך ניצחונדיקער. ער האט
מיט זיין גאַנצן מהות געשפּירט, אז מיט זיין סיסטעם פון פאַרהער
האט ער אופגעטאָן חידושים.
— האט איר, הייסט דאָס, גענומען אַן אָנטייל אין אַלע
מאַנעווערס?
— יאָ, הער וואכמייסטער, ווי א פּראָסטער סאָלדאַט פון
א פוסגייער־פולק.

און שווייק האָט ווידער רואיק א קוק געטאָן אַפן וואַכ־מייסטער, וואָס האט זיך ווידער צעקאָכט פאַר פרייד און האָט זיך קוים געקאָנט איינהאַלטן פון ארײנשרייבן אָט די נייע ידיעות אין זיין ראַפּאָרט. ער האָט ארײנגערופן דעם עלטסטן, געהייסן אָפּפירן שווייקן צוריק און האט צו זיין מעלדונג צוגעשריבן אָט וואָס:

„זיין פּלאַן איז געווען אַזוי: ארײנגעדרונגען אין די רייען פון 91־טן פּולק, האט ער געהאַט בדעה תיכּף מיטן פּולק אוועק־צוגיין אַפן פראָנט, בכדי בײַ דער ערשטער מיגלעכקייט אריבער־צוכאַפּן זיך קיין רוסלאַנד, ווייל ער האט איינגעזען, אַז קיין אַנדער וועג האט ער ניט, מחמת די עסטרייכישע מאַכט איז אַף דער וואַך. אַז עס וואָלט אים פּולקום אָפּגעגאָלטן אויסצופירן זיין פאַר־ברעכערישן פּלאַן אין 91־טן פּולק, איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, ווארום נאָך א לייננערן קרייץ־פאַרהער האט ער, צווישן אַנדערע זאַכן, זיך מודה געווען, אַז אין יאָר 1910 האט ער גענומען אַן אָנטייל אין די גרויסע מאַנעווערס אין דער געגנט פון פּיסעק ווי א פּראָסטער סאָלדאַט פון א פּוסגייער־פּולק. דערפון איז קלאָר, אַז ער איז א גרויסער ספּעציאַליסט אין זיין פאַך. איך בין מוסיף, אַז די אויבן באַצייכנטע ידיעות, וואָס באַווייזן זיין שולד, זיינען באַקומען געוואָרן, אַדאַנק מיין סיסטעם פון קרייץ־פאַרהערן".

געענדיקט מיטן ראַפּאָרט, איז דער וואַכמייסטער אריין אין וואַך־שטוב געוואָר ווערן דעם געפאַנגענעם. ער האט זיך אוועק־געזעצט נעבן שווייקן אַף דעם ליידיקן געלעגער פון זשאַנדאַר ראַמפּאַ, וואָס איז פון אינדערפרי ארויסגעשיקט געוואָרן אַכטונג צו געבן אַף דער אָרדענונג אין דאָרף. נאָר אין דער אמתן איז ער אין יענער מינוט זיך געזעסן אין פּראָטיווין אינם שיינק „וויי־סער פערד" און האט געשפּילט מיטן שוסטער אין זעקס־און־זעכציק, און האט ביים פונאַנדערטיילן די קאָרטן זיך געחקירהט מכּח דעם, אַז עסטרייך מוז ניט אַנדערש געווינען.

דער וואַכמייסטער האט פאַררויכערט זיין ליולקע, שווייק האט גענומען אָנשטאָפּן זיינע, דער עלטסטער האט צוגעוואָרפן קוילן אין אויוועלע, און די וואַך־שטוב איז געוואָרן מגולגל אין דעם

היימלעכסטן ווינקעלע אפן ערד-קיילעך, אין א שטילן באהעלטע-ניש, אין א ווארימען נעסט...

עס האט זיך אנגערוקט דער פריער ווינטערדיקער בין-השמשות, ווען די נשמה איז באזונדערס געשטימט אף אן אינטי-מען שמועס. נאר אלע האבן געשוויגן. דער וואכמייסטער איז געווען פארטיפט עפעס אין א רעיון. צולעצט האט ער זיך גע-ווענדט צום עלטסטן:

— איך האלט, אז עס איז קיין יושר ניט צו הייגגען שפיאנעס, מענטשן, וואס זיינען זיך מקריב צוליב זייער חוב, פאר זייער פאטערלאנד, אזוי צו זאגן, זיי וואלט מען באדארפט אנטאן מער בכבודן טויט, נעמלעך — מען האט זיי באדארפט שיסן... אס ט'איר דערוף זאגן, העד עלטסטער?

— אודאי האט מען זיי באדארפט נאר שיסן, ניט הייגגען, — האט צוגעשטימט דער עלטסטער. — לאמיר אננעמען אפילו אונדז, זאל מען אונדז, אשטייגער, הייסן גיין אויספארשן, וויפיל קוילנווארפערס די רוסן האבן אין זייערע קוילנווארפער-ראטעס, וואלטן מיר דאך באדארפט זיך איבערטאן און גיין. איז דערפאר דארף מען דאס מיך אופהייננגען, ווי א גזלן אדער א רוצח?

דער עלטסטער איז אזוי אופגערעקט געווארן, אז ער איז אופגעשפרונגען אף די פיס און האט אויסגעשריען:

— איך פאדער, מען זאל מיך שיסן און באגראבן מיט מילי-טערישן פאראד.

— דא איז די זאך ניט אזוי גלאטיק, — האט באמערקט שווייק. — די מעשה איז אזא: אויב א מענטש איז ניט קיין שוטה, וועט מען פון אים גארנישט ניט ארויסקריגן.

— נישקשה, מ'וועט ארויסקריגן, — האט דערקלערט דער וואכמייסטער, — אפילו ווען דער מענטש איז זייער קלוג און האט אויסגעקלערט זיין אייגענע סיסטעם. איר וועט דאס אליין איינזען. יא, איר וועט דאס אליין איינזען, האט ער איבערגעחזרט מיט א רואיקערן טאן און מיט א פריינטלעכן שמייכל. — ביי אונדז גערא ט קיינעם ניט זיך ארויסצודרייען. אמת, הער עלטסטער?

האָט דער עלטסטער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט באַמערקט, אַז פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן שוין לכתחילה פאַרשפּילט, און עס קאָן זיי אפילו ניט ראַטעווען די מאַסקע פון פּולקומענער רואיקייט. ווארום וואָס רואיקער א מענטש זעט אויס, אַלץ ערגער פאַר אים.

— איר האָט גוט תופס געווען מיין מעטאָדע, האָט עלטסטער, — האָט דער וואַכמייסטער געמאָלדן מיט גדלות. — ריכטיק, רואיקייט איז אויך א באַווייז.

נאָר דאָ האָט דער וואַכמייסטער איבערגעהאַקט דעם שמועס וועגן זיין מעטאָדע און האָט א פרעג געטאָן:

— און וואָס וועלן מיר זיי הייסן דערלאַנגען צו וועטשערע, הער עלטסטער?

— ווי, וועט איר דען היינט ניט גיין אין טראַקטיר, הער וואַכמייסטער?

נאָך אָט דער פראַגע האָט זיך פאַרן וואַכמייסטער געשטעלט, א נייע הארבע שאלה, וואָס מען האָט זי תיכף באַדאַרפט פּסקענען און וואָס וועט זיין, אַז אָט דער חברה-מאַן וועט אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָס ער איז ניטאָ, און וועט נעלם ווערן? אמת דער עלטסטער איז א געהיטער מענטש, וואָס מען מעג זיך פאַרלאָזן אף אים, נאָר פאַרט זיינען דאָך פון אים אַנטלאָפן צוויי אַרומשלעפּערס. אין דער אמתן איז גאָר די מעשה געווען אזוי: דער עלטסטער האָט ניט געוואָלט שלעפּן זיך איבערן טיפן שניי אַזש קיין פּיסעק און האָט אַליין אָפּגעלאָזן ביידע ארומשלעפּערס אין פעלד נעבן ראַזשיטש, און נאָך פון יוצא וועגן האָט ער צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין דער לופט.

— מיר וועלן אוועקשיקן אונדזער אַלטע אין טראַקטיר נאָך וועטשערע, און ביר קאָן זי אונדז ברענגען קופלאַרווייז, — האָט דער וואַכמייסטער פאַרענטפערט די הארבע שאלה. — דאָס׳ט פאַר איר זיין א קליינער מאַציאָן.

און די אַלטע פּייסלער, וואָס האָט זיי באַדינט, האָט טאַקע געהאַט א שטיקל אַרבעט.

נאָך וועטשערע איז אַפּן וועג צווישן דעם זשאַנדאַרן־פּאָסטן און צווישן טראַקטיר „קאָקורעק“ כסדר צוגעגאַנגען א באַלעבאַטע באַוועגונג. די אָן א צאָל שליאַדן פון דער אַלטער פּייסלערס גוואַלדיקע וואָליקעס אַף אָט דעם וועג האָבן עדות געזאָגט, אַז דער וואַכמייסטער האט זיך ממלא געווען פולקום דערפאַר, וואָס ער איז ניט געווען אין „קאָקורעק“.

און אַז די אַלטע פּרייסלער איז געקומען אין טראַקטיר אַריין און האָט געמאָלדן, אַז דער הער וואַכמייסטער לאָזט גריסן און בעט אים שיקן א פלעשל קאָנטושאָווקע, האָט דער שיינקער ניט געקאָנט איינהאַלטן זיך און איז געווען טשיקאַווע צו פרעגן:

— ווער איז דאָרטן ביי זיי?

— איר ווילט וויסן, ווער דאָרט איז ביי זיי? — האָט די אַלטע איבערגעפרעגט. — עפּעס א חשודיקער פאַרשוין. גראָד אַז איך בין ארויס, האָבן זיי ביידע אים געהאַט ארומגענומען, און דער הער וואַכמייסטער האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ און צוגעטענעט: „אַך דו מיין ליבינקער, מיין קליינינקער שפּיאָנעלע!“

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָט דער עלטסטער זיך ארופּגעוואַלגערט, ווי ער שטייט, אין דער פולער אוניפאָרם, אַף זיין געלעגער און האָט זיך צעכראָפּעט.

אַנטקעגן איז נאָך געזעסן דער וואַכמייסטער, געהאַלטן אין איין האַנט די בוטל מיט די שיריים פון דער קאָנטושעווקע און מיט דער אַנדערער ארומגענומען שווייקן ארום האַלדז. טרערן זיינען גערונען איבער זיינע אָפּגעבריענטע באַקן, די וואָנסעס האָבן זיך געקלעפּט פון דעם זיסן בראָנפן, און ער האָט קוים מיט צרות געפּלעטשעט מיטן צונג:

— ניין, דו זאָג, טייערינקער, אין רוסלאַנד האָבן זיי ניט אַזאַ גוטע קאָנטושעווקע, וועל איך קאָנען רואיק גיין שלאָפן. זיי זיך מודה מיט איין מאָל, ווי איין מענטש.

— געוויס אזא קאָנטושעווקע האָבן זיי ניט.

האָט דער וואַכמייסטער מיט גאָר זיין שווערקייט זיך אָנגעלענט אַף שווייקן.

— אָט אַזוי, ברודערקע, פיין, וואָס דו האָסט זיך מודה געווען. אַן אמתע שמחה פאַר מיר. אַזוי דאַרף טאַקע זיין ביים פאַרהער. ווײַבאַלד אַז שולדיק, וואָס איז נאָך דאָ פאַראַן צו לייקענען?

ער איז אופגעשטאַנען און איז אוועק, שאָקלענדיק זיך, מיטן פוסטן פלעשל אין האַנט, אין זיין צימער אַריין.

— ווען איך וואָלט זיך ניט געהאַט אַראָפּגעשלאָגן פון וועג, — האָט ער געפלעטשעט מיט א געבונדענעם צונג,— וואָלט אַלץ אויסגעקומען גאָר אַנדערש.

איידער אַריינוואַליען זיך אין בעט, האָט ער אַרויסגענומען פון טישקעסטל זיין ראַפּאָרט און געפּרוווט נאָך צושרייבן:

„איך האַלט פאַר מיין חוב נאָך מוסיף צו זיין, אַז די רו־סישע קאָנטושאָווקע איז אַפן סמך פון פאַראַגר. 56...

ער האָט געמאַכט א קלעק, אויסגעלעקט אים מיטן צונג אַנידערגעפאַלן מיט א נאַרישן שמייכל אַפן בעט און איז אַנט־שלאָפן געוואָרן ווי א דערהרגעטער.

באַגינען האָט דער עלטסטער, וואָס איז געשלאָפן אַף א געלעגער ביי דער אַנדער וואַנט, גענומען אַזוי כראָפּען און פייפן מיט דער נאָז, אַז שווייק האָט זיך אופגעכאַפּט. ער איז אופגע־שטאַנען, אופגעוועקט דעם עלטסטן און האָט זיך ווידער אוועק־געלייגט. די הענער האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעקרייט, די זון איז שוין געווען אופגעגאַנגען, ווען עס איז געקומען די אַלטע פרייסלער, וואס האָט אויך פאַרשלאָפן איבער דער ביינאַכטיקער לויפעניש, איינצוהייצן דעם אויוון. זי האָט געפונען די טיר אָפן און אַלץ פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. אין וואַך־שטוב האט א לאָמפּ געטשאַדעט און געהאַלטן ביים אויסגיין...

האט די אַלטע געמאַכט א טומל און האט אַרויסגעשלעפּט דעם עלטסטן און שווייקן פון די בעטן. זי האט זיי גענומען מוסרן און האט געפאָדערט, אַז דער פאַרשלאָפענער עלטסטער זאָל גיין אופוועקן דעם וואַכמייסטער, וואָרום עס איז קיין סדר ניט אַזוי לאַנג צו פּאָפן.

— אין טייערע הענט זייט איר דאָס אַריין, ניטאָ וואָס צו ריידן! — האט זי גענומען אויסטענען זיך מיט שווייקן, אַז דער

עלטסטער איז אוועק וועקן דעם וואַכמייסטער. — איין שכּור ערגער פאַרן צווייטן. די נאָז אונטער די אויגן זיינען זיי גרייט צו פאַר־טרינקען. און מיר זיינען זיי שוין שולדיק פאַר דריי יאָר דינען. און אז איך נעם מאָנען, זאָגט דער וואַכמייסטער שטענדיק: „שווייגט שוין בעסער, אניט קאָן איך אייך נאָך אריינזעצן. וואָרום מיר ווייסן גאַנץ גוט, אז אייער זון איז א געווילד־גנב און שלעפּט פון פריצישן וואַלד האָלץ. מוטשע איך זיך מיט זיי שוין דאָס פערטע יאָר.

די אַלטע האָט אָפּגעזיפצט און האט ווייטער געטענעט:

— דער עיקר, היט זיך פאַרן וואַכמייסטער. ער איז אַזאַ גלאַטינקער און אזא זיסינקער, אין דער אמתן אָבער איז ער אן אויסוואָרף פון ערשטן גראַד. ווו נאָר ער קאָן צונעמען און אריינ־זעצן א מענטשן, טוט ער דאָס.

דעם וואַכמייסטער איז געווען זייער שווער אופצוּוועקן. דער עלטסטער האט קוים מיט צרות געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז עס איז שוין שפּעט.

סוף כּל סוף האט ער זיך אופגעכאַפּט, אויסגעריבן די אויגן און גענומען דערמאָנען זיך. מטושטש דעם נעכטיקן אָוונט. מיט א מאָל האט זיין מוח דורכגעשטאָכן א שרעקלעכער געדאַנק, וואָס ער האָט אים, קוקנדיק מיט פּחד אַפן עלטסטן, אויסגעדריקט מיט די ווערטער:

— ער איז אַנטלאָפן?

— הויבט זיך ניט אָן. ער איז דאָך א לייטישער מענטש.

און דער עלטסטער האט גענומען דרייען זיך אַהין און צו־ריק איבערן צימער, ארויסגעקוקט דורכן פענסטער, געקומען צו־ריק, אָפּגעריסן א שטיקל פּאַפּיר פון ציישונגס־בלאַט, וואָס איז געלעגן אַפן טיש, און אויסגעדרייט דערפון א קייקעלע. ס׳איז קענטיק געווען, אז ער וויל עפּעס זאָגן.

האט דער וואַכמייסטער א קוק געטאָן אַף אים א ביסל פאַר־שעמט און וועלנדיק סוף כּל סוף דערגיין, וואָס יענער איז אויסן, האט ער אַרויסגערעדט:

— איך וועל אייך העלפן, הער עלטסטער. איך האב מסתּמא

נעכטן ווידער אָנגעבאָלבעט וואָס ניט געשטויגן, האַ?

האט דער עלטסטער מיט פאָרוווּרף א קוקן געטאָן אַף זיין שעף:

— וואָלט איר נאָר, הער וואַכמייסטער, געוווּסט, וואָס איר האט נעכטן אַלץ אָנגערעדט, וואָס פאַר אַ רייד איר האָט דאָס אַוועקגעלייגט!

און צוגעבויגן זיך צום סאַמע אויער פון וואַכמייסטער, האָט ער אים איינגערוימט:

— אַז מיר, טשעכן, און די רוסן זיינען ברידער=סלאַוון, אַז די קומענדיקע וואָך וועט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש שוין זיין אין פּרעראַו, אַז עסטרייך וועט ניט אויסהאַלטן... און אַז ער, דער שפּיאָן, ווען מען וועט אים פאַרהערן נאָך, זאָל ער אַלץ לייקענען און פּלאָנטערן, זאָל ער ציען ביז צו יענעם טאָג, ווען די קאַזאַקן וועלן אים באַפרייען; דאָס וועט שוין לאַנג ניט געדויערן, וואָרום עסטרייך האַלט ביים צעפאַלן ווערן, און עס וועט זיין אַזוי, ווי בעת די הוסיטישע מלחמות, ווען די פּויערים זיינען מיט דרעש=פלעקענער געגאַנגען אַף וויןַ... אַז אונדזער קיסר איז אַן עובר בטל, וואָס וועט היינט=מאָרגן אויסציען די פיס, אַז ווילהעלם איז א חיה רעה... אַז איר וועט אים שיקן אין טורמע אריין געלט אַף אויסצובעסערן זיין עסן, און מי יודע וואָס נאָך...

דער עלטסטער האט זיך אָפּגערוקט פון וואַכמייסטער.

— דאָס אַלץ געדיינק איך גוט, וויל צוערשט בין איך ניט געווען זייער שכור. אָבער דערנאָך האָב איך זיך אָנגעזשלאָקעט און האָב שוין קיין זאַך ניט געדיינקט.

דער וואַכמייסטער האט אָנגעשטעלט די אויגן אַפן עלטסטן.

— און איך ווידער געדיינק, — האָט ער געזאָגט, — ווי איר האָט געטענעט, אַז מיר קומען ניט צו רוסלאַנד, און נאָך האַרט ביי אונדזער טיר האָט איר געשריען: „לעבן זאָל רוסלאַנד!“

דער עלטסטער האט גענומען נערוויז ארומשפּאַצירן איבערן צימער.

— יאָ, איר האט דאָס געשריען מיטן פולן האַלדז, — האָט דער וואַכמייסטער מוסיף געווען. — און דערנאָך האט איר זיך

אנידערגעוואַליעט אױפֿן בעט און האָט זיך צעבראָכֿעט.

איז דער עלטסטער שטיין געבליבן בײם פֿענסטער, גענומען פּייקלען מיט די פֿינגער איבערן גלאָז און געזאָגט:

— איר האָט זיך ניט איינגעהאַלטן צו ריידן אַפּילו פֿאַר אונדזער אַלטער, הער וואַכמײסטער. איך געדיינק, ווי איר האָט געזאָגט: „מערקט איך, אַז איטלעכער קיסר און קעניג האָט אין זינען נאָר די אייגענע קעשענע, און דערפֿאַר הויבט ער אָן אַ מלחמה, אַפֿילו אויב ער איז אַזאַ עובר בטל ווי אונדזערער...

— און איר האָט אויך נשקשהדיקע רייד גערעדט — האָט אים איבערגעהאַקט דער וואַכמײסטער. — פֿון וואַנען, אַשטייגער, נעמט זיך דאָס צו אײַך אַזאַ שטות, אַז ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש וועט זײַן דער טשעכישער קעניג?

— אָט דאָס געדיינק איך ניט, — האָט זיך דער עלטסטער אָפּגערופֿן אַ דערשראָקענער.

— איר'ט שוין באַדאַרפֿט געדיינקען! איר זײַט דאָך געווען שכּור, ווי אַ חזיר. די אויגן זײַנען בײַ אײַך געווען פֿאַרלאָפֿן, און אַז איר האָט געוואָלט אַרויסגיין, האָט איר ניט געקאָנט געפֿינען די טיר, און זײַט אַלץ געקראָכֿן אױפֿן אויוון.

ביידע זײַנען זיי אַף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, ביז דער וואַכמײסטער האָט דאָס שטילשווײַגן געשטערט:

— איך האָב דאָך אײַך אַלע מאָל געזאָגט, אַז אַלקאָהאָל דאָס איז אונדזער באַגרעבעניש. איר פֿאַרטראָגט קיין זאַך ניט — און טרינקט! וואָס וואָלט געווען, ווען אונדזער אַרעסטאַנט נעמט און אַנטלויפֿט? מיר דרייט זיך ממש דער קאָפּ.

— און איך זאָג אײַך, הער עלטסטער, — האָט דער וואַכמײסטער ווײַטער גערעדט, — אַז גראָד דערפֿאַר ווײַל ער איז ניט אַנטלאָפֿן, איז גאַנץ קלאָר, וואָס פֿאַר אַ געפֿערלעכער און דורכגעטריבענער מענטש דאָס איז. אַז מען וועט אים אויספֿרעגן, וועט ער זאָגן, אַז די גאַנצע נאַכט זײַנען די טירן געווען אָפֿן, אַז מיר ביידע זײַנען געווען שכּור און אַז ער וואָלט טויזנט מאָל געקאָנט אַנטלויפֿן, אויב ער וואָלט זיך געשפּירט שולדיק. אַ מערכה נאָך, וואָס אַזאַ איינעם גלויבט מען ניט, און אויב מיר וועלן אונטער

א שבועה אויסזאָגן, אז דאָס אלץ איז אויסגעקלערט און עזות־דיקער ליגן, וועט אים גאָט אליין ניט העלפן, און ער וועט זיך פאַרדינען נאָך אן איבעריקן אַרטיקל. אמת, אין זיין עסק שפּילט דאָס שוין קיין ראָלע ניט... עד, וואָלט נאָר בּיי מיר אזוי דער קאָפּ ניט געטרעשצעט!..

שווייגן. אין א ווײלע אַרום האט זיך געלאזט הערן דעם וואַכמייסטערס שטים:

— רופט נאָר אָקאָרשט אהער די אַלטע.

— הערט נאָר, אַלטע, — האט דער וואַכמייסטער זיך געווענדט צו דער פּיסלער, קוקנדיק איר מיט בּייזקייט גלייך אין די אויגן.—קריגט ערגעץ א קרייץ אף א געשטעל און בּריינגט אהער.

און אז די אַלטע האָט אים אָנגעקוקט ניט פאַרשטייענדיק, האט ער א דונער געטאָן:

— נו, לעבּעדיק! איין פוס דאָ, איין פוס דאָרט!

דער וואַכמייסטער האָט ארויסגעשלעפּט צוויי שטיקלעך אָפּגעבּרענטע ליכט, וואָס אף זיי זיינען נאָך געווען סימנים פון טריוואַקס, וואָס דערמיט פאַרזיגלט מען אָפיציעלע פּאַקעטן. און אז די אַלטע האָט סוף כל סוף געבּראַכט צו שלעפּן דעם קרייץ, האָט ער אים אוועקגעשטעלט אפן ראַנד טיש צווישן בּיידע שטיקלעך ליכט און האָט געזאָגט:

— זעצט זיך, אַלטע.

די געפּלעפטע אַלטע האט זיך אַראָפּגעלאָזן אפן דיוואַן און האט מיט שרעק געקוקט אפן וואַכמייסטער, אף די ליכט מיטן קרייץ, און ווידער אפן וואַכמייסטער. פאַר שרעק איז זי געווען ווי פאַרשטיינערט, און ס'איז געווען קענטיק, ווי ס'האָבּן בּיי איר געציטערט די קני און די הענט, וואָס זי האָט געהאַלטן אונטערן פאַרטוך.

איז דער וואַכמייסטער מיט אַן ערנסטן פּנים צו צו איר און געזאָגט פייערלעך:

— נעכטן אין אָוונט זייט איר געווען אַן עדות פון א גרויסער געשעעניש. ס'איז אָבער מיגלעך, אז אייער טעמפּער קאָפּ האט דאס ניט פאַרשטאַנען. אָט דער סאָלדאַט, וואָס איר

זעט דאָ, איז אַן אויסקוקער, א שפּיאָן.

— יעזוס מאַריאַ! — האט אויסגערופן די פּיסלער. — הייליקע בתולה מאַריאַ פון סקאָטשיץ, האָב רחמנות און העלף!

— שטילער, אַלטע! בכדי ארויסצוקריגן עפּעס פון אים, האט מען געמוזט באַלבען פאַרשיידענע זאַכן. איר האָט דאָך געהערט, וואָס פאַר שטות מיר האָבן אָנגעפּלוידערט?

— געהערט, — האט זיך אָפּגערופן די אַלטע מיט א ציטעריקן קול.

— נאָר די אַלע רייד זיינען געדעט געוואָרן נאָר צוליב דעם, ער זאָל זיך מודה זיין, ער זאָל אונדז געטרויען. דאָס האט זיך טאַקע אונדז איינגעגעבן. מיר האָבן פון אים אַלץ ארויסגעקראָגן. מיר האָבן אים געכאַפּט אַף דער ווענטקע.

דער וואַכמייסטער האט זיך אַף א ווײַלע אָפּגעשטעלט, בכדי אָפּצושניידן די קנויטן פון די ליכט, און דערנאָך האט ער געדעט ערנסט, קוקנדיק אַף דער אַלטער:

— איר זייט געווען דערבײַ, אלטע, איר ווייסט אונדזער סוד. אָבער דער סוד איז א דינסט־סוד. איר האָט קיין רעכט ניט אים אויסצוזאָגן, אַפילו אַפן טויטן־בעט ניט. וואָרום זיסט וועט מען אייך ניט טאָרן באַגראָבן אַפן צווינטער.

— יעזוס, מאַריאַ און יאָזעף! — האט די אַלטע גענומען וויינען, — וואָס בין איך דאָס פאַר אן אומגליקלעכע, וואָס די פּיס מיינע האָבן מיך אַהער פאַרטראָגן!

— נו, נו, פלאַנכעט ניט. גייט צו צום קרייץ און לייגט אַרויף אַף אים צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט. איר וועט נעמען א שבועה אַף זיך. זאָגט נאָך נאָך מיר וואָרט אין וואָרט.

ניט אופגעהערט צו קלאָגן, איז די אַלטע פּיסלער צוגעגאַנגען צום טיש.

— הייליקע בתולה מאַריאַ פון סקאָטשיץ, וואָס האָבן מיך די פּיס אהער פאַרטראָ־אָ־אָגן!

זי האָט געציטערט מיט אַלע גלידער, בעת זי האט אופגעהויבן צוויי פינגער, און דער וואַכמייסטער האָט גענומען איר פּייערלעך פירזאָגן די ווערטער: „איך שווער פאַרן אַלמעכטיקן

גאָט און פאַר אייך, הער וואַכמייסטער, אז וועגן דעם, וואָס איך האָב דאָ געזען, וועל איך ביז מיין טויט קיינעם קיין איין וואָרט ניט זאָגן, אפילו אויב עמיצער וועט מיך פרעגן, דערין זאָל מיר גאָט העלפן״.

— איצטער טוט א קוש דעם קרייץ, אַלטע, — האָט גע־זאָגט דער וואַכמייסטער, און די אַלטע האט, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, געפאָלגט און פרום זיך איבערגעצלמט.

— גוט און איצט טראָגט אוועק דעם קרייץ צוריק, אַהין, פון וואַנען איר האט אים גענומען, און זאָגט, אז איך האָב דאָס באַדאַרפט האָבן צוליב א פאַרהער.

די איבערגעשראָקענע אַלטע איז אויף די שפּיץ פינגער אַרוים מיטן קרייץ פון צימער, און פון פענסטער האט מען געקאָנט זען, ווי זי קוקט זיך אַלע ווײַלע גייענדיק אום אַפן זשאַנדאַרן־פּאָסטן, אַזוי ווי זי וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, אז דאס איז ניט געווען קיין חלום, נאָר זי האָט טאַקע מיט אַן אמת מיט עטלעכע מי־נוט פריער איבערגעלעבט עפּעס שרעקלעכעס.

בינו לבינו האט דער וואַכמייסטער איבערגעשריבן זיין ראַ־פּאָרט, ווייל ער האט אים ביינאַכט פאַרקלעקט. ער האט אים אין גאַנצן איבערגעמאַכט, און דערביי זיך דערמאָנט, אז ער האט איין זאַך נאָך ניט אויפגעקלערט. דעריבער האט ער געהייסן רופן שווייקן און האט געפרעגט ביי אים:

— פאָטאָגראַפירן קענט איר?

— יאָ.

— טאָ פאַרוואָס טראָגט איר ניט מיט זיך קיין פאָטאָגראַ־פישן אַפּאַראַט?

ווייל איך האָב בכלל ניט קיין אַפּאַראַט, — איז געווען דער קלאָרער און אָפנהאַרציקער ענטפער.

— און אויב איר וואָלט געהאַט אַן אַפּאַראַט, וואלט איר פאָטאָגראַפירט? — האט געפרעגט דער וואַכמייסטער.

מאַלע וואָס עס וואָלט געווען, ווען איך וואָלט... — האָט שווייק געענטפערט און האָט רואיק אויסגעהאַלטן דעם פאַר־חידושטן בליק פונם וואַכמייסטער. ביי יענעם האט גראָד אין דער

מינוט ווידער אָנגעהויבן אזוי צו טרעשצען דער קאָפּ, אז ער איז ניט געווען אין שטאַנד צוצוקלערן קיין אַנדער פראַגע, ווי נאָר:

— נו, אייך וואָלט שווער געווען אַראָפּצונעמען א וואָקזאַל?

— גרינגער, ווי עפּעס אַן אַנדער זאַך, — האט געענטפערט שווייק, — וואָרום ער רירט זיך ניט און שטייט אלע מאָל אױף איין אָרט, און אים באַדאַרף מען ניט זאָגן, ער זאָל מאַכן א פריינט־לעכן פּנים.

און דער וואַכמייסטער האָט געקאָנט נאָך מוסיף זיין צו זיין ראַפּאָרט, אז דער שפּיאָן האט זיך מודה געווען, אז ער קאָן פאָטאָגראַפירן און בעסער פאַר אַלץ וואָקזאַלן. אמת, קיין פאָטאָ־גראַפישן אַפּאַראַט האט מען ביי אים ניט געפונען, נאָר ס׳איז פאַראַן א חשד, אז ער האט אים ערגעץ באַהאַלטן, און דערפאַר טאַקע טראָגט ער אים ניט ארום ביי זיך, כּדי עס זאָל ניט פאַלן אױף אים קיין חשד.

דער וואַכמייסטער, וואָס ביי אים אין קאָפּ האָט נאָך גע־שומעוועט פון דעם נעכטיקן שיכּורן, האט זיך אַלץ מער געפּלאָנ־טערט אין דער אייגענער מעלדונג וועגן דער פאָטאָגראַפירונג:

„ס׳איז קיין ספק ניט, האט ער געשריבן, — אז נאָר דער־פאַר, וואָס ער האָט ביי זיך קיין אַפּאַראַט ניט געהאַט, האט ער ווי ער האָט זיך אליין מודה געווען, ניט אראָפּגענומען דעם בנין פון וואָקזאַל און בכלל פונקטן, וואָס האבן א סטראַטעגישע באַ־דייטונג, און מען מעג זיין זיכער, אז ער וואָלט זיין פּלאַן אויסגעפירט, אויב דער באַהאַלטענער אַפּאַראַט וואָלט געווען ביי אים. נאָר דורך דעם, וואָס ער האט ניט געהאַט אונטער דער האַנט קיין פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, קאָן מען דערקלערן דאָס, וואס מען האט ביי אים ניט געפונען קיין שום פאָטאָגראַפיעס".

— נו, דערווייל וועט קלעקן, — האט ארויסגערעדט דער וואַכמייסטער און האט געחתמעט דעם פּאַפּיר.

דער וואַכמייסטער איז געווען שטאַרק צופרידן פון זיין ווערק און האט מיט גדלות דאָס איבערגעלייענט פאַרן עלטסטן. דערנאָך האט ער געהייסן אריינפירן שווייקן.

— דער עלטסטער וועט אייך אָפּפירן קיין פּיסעק אין דער באַצירק־פאַרוואַלטונג פון דער זשאַנדאַרמעריע, — האט ער געזאָגט שטרייננג צו שווייקן. — לויטן סטאַטוט, וואָלט מען געדאַרפט אייך אָנטאָן קייטן אף די הענט. נאָר היות ווי מיר דוכט, אז איר זייט א לייטישער מענטש, לאָז איך אייך אָפּ אָן קייטן. איך בין זיכער, אז איר וועט ניט פּרוּוון צו אַנטלויפן.

מסתמא גערירט פון שווייקס ערלעכן פּנים, האט דער וואַכמייסטער פאַרענדיקט:

נו, נעמט ניט פאַר אומגוט... נאַט, הער עלטסטער, נעמט מיט זיך מיט אויך מיין ראַפּאָרט.

— פאַרבלייבט געזונט! — האט שווייק ארויסגערעדט ווייך.

— א דאַנק אייך, הער וואַכמייסטער, פאַר אלץ, וואס איר האט פאר מיר געטאָן, און אז עס וועט זיך מאַכן א געלעגנהייט, וועל איך אייך אָנשרייבן, און אז איך וועל זיין ווידער אין די קאַנטן, וועל איך ניט אנדערש אריינגיין צו אייך.

שווייק איז מיטן עלטסטן ארוים אין גאַס, און איטלעכער, ווער עס וואלט זיי געזען, ווי זיי זיינען זיך געגאַנגען און געשמועסט זיך רואיק, וואָלט ער זיי געווים געשאַצט פאַר צוויי גוטע פריינט, וואָס גייען שפּאַצירן אין שטאָט אריין.

— איך וואלט קיין מאָל ניט געטראַכט, — האט דערציילט שווייק, — אז אזא רייזע קיין בודוויים זאָל זיין אזוי שווער. דאָס דערמאָנט מיר די מעשה מיטן קצב האַורא פון קאָבּיליץ. יענער האט איין מאָל ביי־נאַכט זיך געטראָפן ביי פּאַלאַצקעם דיינקמאָל און האט זיך ביז אינדערפרי ארומגעדרייט ארום אים, וואָרום עס האט זיך אים אויסגעדוכט, אז די גראַטעס ארום דיינקמאָל האבן קיין עק ניט. ער איז געווען פול יאוש, און אינדערפרי, אז ער איז שוין געבליבן אָן כּחות, האט ער גענומען שרייען „גוואַלד!" און אז די פּאָליציסטן זיינען געקומען, האט ער ביי זיי געפרעגט, ווי מען גייט קיין קאָביליץ, וואָרום שוין פינף שעה גייט ער פּאַזע די גראַטעס, און עס איז נאָך אלץ קיין עק ניטאָ, דעמאָלט האבן זיי אים צוגענומען, נאָר אין דער קאַמערע האט ער אלץ ביי זיי צובראָכן.

דער עלטסטער האט קיין ווארט ניט געענטפערט, נאָר בײַ זיך האט ער א טראכט געטאָן:

„וואס דרייט ער מיר דאָ א קאָפּטער? ווידער הויבט ער שוין אָן אויסקלערן באָבע־מעשׂיות וועגן בודוויים“.

און ער האט פאַרפירט א שמועס וועגן פּראָגרעס און וועגן דעם, אז מענטשן פאַלן אַלץ מער אף קלוגע המצאות, און איי־נער סטאַרעט זיך איבערצוקליגן דעם צווייטן... דערבײַ האט ער געגומען אַנטוויקלען א שפּאָגל־נײַעם רעיון, אז דער וועלט־קריג איז א גליק פאַר דער מענטשהייט, וואָרום אין איינעם מיט ער לעבע מענטשן וועלן דערהרגעט ווערן אויך א סך פאַרברעכערס און זשוליקעס.

— בכלל זיינען אף דער וועלט פאַראַן צופיל מענטשן, — האט געזאָגט דער עלטסטער. — דערפאַר שאַדט ניט א ביסל אָפּצאַפּן בלוט. איר דערציילט נאָר קיינעם ניט, אז איך פיר אייך קיין פּיסעק. דאס איז א מלוכה־סוד. מען טאָר ניט דערציילן קיינעם, ווער איר זייט. דאס קער זיך צו קיינעם ניט אָן, וואס איר האט אָנגערעדט. מען טאָר ניט אָניאָגן קיין פּאַניקע. אין קריגס־צייט איז פּאַניקע א מיאוסע זאַך, — האט ער געטענעט ווייטער.

— דו זאָגסט א וואָרט, און עס קייקלט זיך אריבער איבערן גאַנצן לאַנד. איר פאַרשטייט?

— רעכט, איך וועל קיין פּאַניקע ניט אָניאָגן, — האט זיך אָפּגערופן שווייק. און ער האט טאַקע געהאַלטן וואָרט. אז דער בעל־הבית פון איינפאָר־הויז האט זיך אריינגעלאָזט מיט אים אין א שמועס, האט ער געזאָגט:

— מײַן ברודער זאָגט, אז איינס אזייגער וועלן מיר זיין אין פּיסעק.

— וואס איז דאס, אייער ברודער האט געהאַט אורלאָפּ? — האט דער בעל־הבית געפרעגט ביים עלטסטן. יענער האט אָן שהיות אָפּגעטאָקט א ליגן:

— יאָ, היינט האט דער אורלאָפּ זיך געענדיקט.

— מיר האבן אים קונציק אָפּגענאַרט, — האט ער זיך גע־ווענדט צו שווייקן לאַכנדיק, אז דער בעל־הבית האט זיך ערגעץ

אָפּגעקערט. — נאָר ניט מאַכן קיין פּאַניקע, ס'איז קריגס־צייט.

ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין איינפאָר־הויז, האָט דער עלטסטער געהאַלטן, אַז אַ קופּל ביר קאָן ניט שאַטן. נאָר איצט, אַז ער האָט שוין געהאַט אַראָפּגעשלונגען אַ גאַנצן טוץ, האָט ער אַנטשלאָסן דערקלערט, אַז דער שעף פון דער באַצירק־פּאַרוואַלטונג עסט וואַרימעס ביז דריי אַזייגער און אַז דעריבער איז ניט כּדאַי צו קומען אַהין פריער, בפרט אַז עס גייט אַ שניי. ווען זיי וועלן זיין אין פּיסעק צו פיר אַזייגער, איז נאָך אויך גענוג צייט ביז זעקס. און מען וועט נאָך דאַרפן גיין אַזאַ וועג אין דער פינסטער. און בכלל איז ניט קיין נפקא מיניה, צי גיין איצט, צי שפּעטער אַ ביסל. פּיסעק וועט ניט אַנטלויפן!

— מיר באַדאַרפן זיין צופרידן, וואָס מיר זיצן אין דער וואַרים,— איז געווען זיין לעצט וואָרט. — דאָרט אין די גראָבנס ליידן מענטשן אין אַזאַ וועטערונג אַ סך מער, ווי מיר דאָ נעבן אויוון.

דער אַלטער קאַכל־אויוון איז געווען שטאַרק אָנגעהייצט, און דער עלטסטער האָט איינגעפונען, אַז מען קאָן אויסווייניקסטע וואַרימקייט אונטערשטוקעווען מיט אינעווייניקסטער היץ דורך כּלערליי זיסע און שטאַרקע משקאות.

אין דעם דאָזיקן העק האָט דער בעל־הבית געהאַט אַכט פאַרשיידענע סאָרטן; אים איז געווען לאַנגווייליק, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט טרינקען מיט זיי. אין דרויסן האָט געבושעוועט אַ שניי־שטורעם.

דער עלטסטער האָט כּסדר אַריינגעטענעט אין בעל־הבית ער זאָל ניט אָפּשטיין פון זיי, און האָט אים אופגעוואָרפן, וואָס ער טרינקט ווינציק, דאָס איז געווען אַ בפירושער בלבול, וואָרום דער בעל־הבית האָט זיך שוין קוים געהאַלטן אויף די פיס. אים האָט אַלץ עפּעס געהויבן מאַכן אַ שפּיל אין קאָרטן, און ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט ביי־נאַכט געהערט אַ שטאַרקע האַרמאַטן־שיסעריי, וואָס איז געקומען פון מזרח־זייט. האָט דער עלטסטער, שיער ניט ווייַנענדיק, גענומען בעטן זיך ביי אים:

— נאָר ניט דאָס! מען דאַרף ניט קיין פּאַניקע! פּאַראַ

דערצו אינסטרוקציעס.

און ער האט גענומען אויסטייטשן, וואס דאס איז אזוינס אינסטרוקציעס, און דערביי האט ער אויסגעזאָגט עטלעכע געהיימע צירקוליאַרן. אבער דער בעל־הבית האט שוין מער קיין זאך ניט, פאַרשטאַנען און האט נאָר געטענעט, אז מיט הוילע אינסטרוק־ציעס קאָן מען קיין קריג ניט געווינען.

עס איז שוין געווען גאָר פינצטער, ווען דער עלטסטער האט באַשלאָסן, אז עס איז צייט זיך צו לאָזן אין וועג אריין. עס איז געווען אזא זאווערוכע, אז צוויי טריט פאַר זיך האט מען קיין זאך ניט געקאָנט זען. דער עלטסטער האט געהאַלטן אין איין טענען:

— פאָראויס, ניט פאַרקערעוועט, גלייך קיין פיסעק!

אז ער האָט דאָס איבערגעחזרט דאָס דריטע מאָל, איז זיין שטים געקומען שוין ניט פון וועג, נאָר ערגעץ פון אונטן, וואָס אהין ער האָט זיך געהאַט אַראָפּגעקייקלט פון שפּוע אַראָפּ. אָנשפּאַרנדיק זיך אַפן ביקס, האָט ער קוים מיט צרות זיך אַרוּפּ־געדראַפּעט אַפן וועג אַרוּפּ. שווייק האָט געהערט, ווי ער האָט שטילערהייט געלאַכט פאַר זיך און געערדט: «נאַדיר אַוועק, אַן אמתער גליטשו!» באַלד איז ער שוין ווידער ניט געווען אַפן וועג, ווייל ער האָט זיך ווידער אַמאָל אַראָפּגעקייקלט איבערן שפּוע, דערביי האָט ער אַזוי געשריען, אַז ער האָט אַפילו איבערגע־שריען דאָס וואָיען פון ווינט:

— איך פאַל! פאַניקע!

פינף מאָל האָט ער אַזוי דורכגעמאַכט די רייזע איבער דעם שפּוע, און אַז ער איז דאָס לעצטע מאָל געקומען צוריק צו שווייקן, האָט ער אַ צעטומלטער און פאַריאושטער אויסגערופן: איך וואָלט דאָך געקאָנט אייך גרינג פאַרלירן.

— דאגעט ניט, הער עלטסטער, — האָט זיך אָפּגערופן שווייק. — בעסער פון אַלץ וואָלט געווען, ווען מיר בינדן זיך צונויף. אַזוי וועלן מיר איינס דאָס אַנדערע ניט פאַרלירן. האַנט־קייטן האָט איר?

— איטליכער זשאַנדאַר איז מחויב צו האָבן שטענדיק

האַנט־קייטן, — האָט דער עלטסטער געענטפערט טאַפּטשענדיק זיך אַרום שווייקן. — דאָס איז דאָך אונדזער ברויט.

— איז גוט, וועלן מיר זיך דערמיט צונויפבינדן, — האָט פאָרגעלייגט שווייק, — איר טוט נאָר אַ פּרווו.

האָט דער עלטסטער מיט איין מאָך אָנגעטאָן אויף שווייקן די האַנט־קייט אין דעם אַנדער עק צוגעהעפט צו זיין רעכטער האַנט. אַזוי אַרום זיינען זיי איצט געווען צונויפגעבונדן ניט צו צערייסן. זיינען זיי געגאַנגען איבערן וועג, שטרויכלענדיק און שאָקלענדיק זיך אין אַלע זייטן. דער עלטסטער האָט א שלעפּ געטאָן שווייקן איבער א הויפן זשוויר, איז אַנידערגעפאַלן און מיטגעשלעפּט מיט זיך שווייקן. דערביי האָבן די האַנט־קייטן טיף זיך אַריינגעשניטן זיי אין די הענט, און דער עלטסטער האָט סוף כל סוף געמאָלדן, אַז אַזוי קאָן מער ניט גיין און אַז די האַנט־קייטן מוז מען אַראָפּנעמען. נאָר וויפיל ער האָט זיך געמאַטערט, האָט ער דאָך ניט געקאָנט זיך פריי מאַכן. דעמאָלט האָט ער אַ זיפץ געטאָן:

— איצט זיינען מיר פאַרבונדן אויף אַלע אייביקייטן.

— אָמן! — האָט אַרויסגערעדט שווייק און זיי האָבן זיך ווייטער געלאָזט אין שווערן וועג אַריין.

דער עלטסטער איז אַריינגעפאַלן אין א פולקומענער אַפּאַטיע, און אַז זיי זיינען שפּעט אינאָווּנט פאַרמאַטערטע אָנגעקומען אין דער באַצירק־פאַרוואַלטונג אין פיסעק, האָט ער מיט אַ געבראָכן געמיט געזאָגט צו שווייקן:

— איצטער וועט געשען אַ מוראדיקע זאַך. מיר קאָנען זיך ניט פונאַנדערנעמען.

און עס איז טאַקע געשען אַ מוראדיקע זאַך, בעת דער וואַך־מאַן האָט אַרויסגערופן דעם שעף פון דער פאַרוואַלטונג ריטמייסטער קעניג.

דעם ריטמייסטערס ערשטע ווערטער זיינען געווען:

— אַנו, טוט נאָר אַ הויך אויף מיר!

— איצטער פאַרשטיי איך, — האָט דער ריטמייסטער אַרויסגעוויזן זיין מבינות, — ראָם, קאָנטושאָווקאַ, ווישניק, ניס,

פלוימען און וואניל.

— הער וואַכמייסטער, — האָט ער זיך געווענדט צו זיין געהילף, — אָט האָט איר אַ מוסטער, ווי אַזוי אַ זשאַנדאַר טאָר ניט אויסזען. ווען אַזאַ פיר דאַרף זיך שוין ארויסזאָגן דער קריגס־געריכט. צונויפבינדן זיך מיטן ארעסטירטן! קומען אַהער שכורערהייט, שיער ניט אף אַלע פיר! נעמט אראָפּ פון זיי די האַנט־קייטן.

— נו, וואָס׳ט איר זאָגן? — האָט ער זיך געווענדט צום עלטסטן, וואָס האָט די פרייע האנט געהאַלטן ביים דאשעק:

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, הער ריטמייסטער, איך האָב געבראכט אַ ראפּאָרט.

— אף אייך גופא וועט אָנגעגעבן ווערן אַ ראַפּאָרט אין געריכט, — האָט דער ריטמייסטער אָפּגעהאַקט. — הער וואַכ־מייסטער, זעצט זיי ביידן אַוועק אונטער שלאָס; מאָרגן פרי וועט איר זיי ברייגען צום פארהער, און דעם ראפּאָרט פון פוטים זאָלט איר דורכשטודירן און צושיקן צו מיר אהיים.

דער פיסעקער ריטמייסטער איז געווען זייער אַ שטרייגער און זאַכלעכער מענטש. די וואָס איז אויסגעקומען צו דינען אונ־טער אים, האָבן קיין האָניק ניט געלעקט. פאר די קלענסטע פאַרזעענס פלעגט ער ארופלייגן דיסציפלינארע שטראָפן. ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין איין מוסר זאָגן און שרייבן אויסריידן. ער איז געווען באגלויבט, אַז ער שטייט דאָ אף אַ פאָרפּאָסטן און ער ראַטעוועט עפּעס, און אז אלע זשאנדארן, וואָס דינען אונטער זיין קאָמאַנדע, זיינען איין כנופיא אויסוואָרפן, עגאָאיסטן און אָפּ־נארער, וואָס האָבן קיין אנדער אינטערעס ניט, ווי נאָר בראָנפן, וויין און ביר; און היות ווי זייער שכירות האָט ניט גע־קלעקט אף צו שכורן, האָבן זיי גענומען שוחד און געשלעפט פּאוואָליע, אָבער זיכער עסטרייך צום אָפּגרונט. געטרויט האָט ער נאָר מער ווייניקער זיין וואכמייסטער אין דער קרייז־פארוואל־טונג, און יענער האָט אין שיינק ליב געהאַט זיך צו בארימען: „האָב איך דאָס היינט ווידער אמאָל אָנגעמולירט אונדזער אלטן כלב!“

* * *

דער ריטמייסטער האָט איבערגעלייענט מיט קאָפּ דעם ראַפּאָרט פון פּוטימער וואַכמייסטער מכּח שווייקן. פאר אים איז געשטאַנען זיין וואַכמייסטער מאַטייקאָ, וואָס האָט בײַ זיך אין האַרצן געשיקט דעם ריטמייסטער מיט אַלע זײַנע ראַפּאָרטן צו אַל די רוחות, וואָרום אין „אַטאַזואַ" האָט מען שוין אָפּ אים געוואַרט מיט א פולקע פּרעפערענס.

— איך האָב אייך שוין די טעג אַמאָל געזאָגט, — האָט אָנגעהויבן דער ריטמייסטער, — אַז דער גרעסטער אידיאָט, וואָס איך האָב ווען עס איז באַגעגנט, איז דער פּוטימער וואַכמייסטער. עס איז דאָך קלאָר, אַז דער סאָלדאַט, וואָס אָט דער שכּורער מנוול האָט געבראַכט אַהער, איז ניט קיין שפּיאָן. דאָס איז זיכער א פּשוטער דעזערטיר. און דער וואַכמייסטער שרייבט דאָ אַזאַ שטותערײַ, אַז איטליך קינד וועט פון ערשטן בליק דערקענען, אַז דער גולם איז געווען שכּור, ווי א פּויפּסלעכער פּרעלאַט.

— ברײַנגט נאָר תּיכּף אַהער צו מיר דעם דאַזיקן סאָלדאַט, — האָט ער באַפוילן, געענדיקט לייענען דעם ראַפּאָרט ביזן סוף. — זינט איך לעב האָב איך נאָך אַזאַ באַלבעריי ניט געלייענט. דערצו שיקט ער מיט אַזעלכע חשודיקע פאַרשוינען אַזאַ טיפּש, ווי אָט דעם עלטסטן. זיי קענען מיך שלעכט. איך קאָן זיך נעמען פאַר זיי, וועלן זיי האָבן צו געדיינקען...

און דער ריטמייסטער האָט געהייסן דעם שרייבער תּיכּף אָוועקשיקן דעם פּוטימער וואַכמייסטער א דעפּעשע, ער זאָל באַלד מאָרגן קומען קיין פּיסעק. ער וועט שוין דעם אידיאָט אויסטײַטשן, וואָס ער האָט דאָ אָנגעטאָן.

— פון וואָסער פּולק האָט איר דעזערטירט? — אַזוי האָט דער ריטמייסטער מקבּל פּנים געווען אונדזער שווייקן.

— פון קיין איינעם ניט.

האָט דער ריטמייסטער א קוק געטאָן אָף שווייקן און דערזען אין זײַן פּנים אַזוי פיל רואיקייט און באַזיכערטקייט, אַז ער האָט א פרעג געטאָן:

— פון וואַנען האָט איר געקראָגן די דאַזיקע אוניפאָרם?

איטלעכער סאלדאט קריגט אן אוניפארם, ווען ער טרעט אריין אין דינסט, — האט שווייק געענטפערט מיט א מילדן שמייכל. — איך דין אין 91-טן פוסגייער-פולק און לא די וואס איך האב ניט דעזערטירט, נאר פונקט פארקערט.

די ווערטער „פונקט פארקערט" האט ער ארויסגערעדט מיט אזא קוועטש, אז דער ריטמייסטער איז אביסל מבולבל געווארן און האט געפרעגט:

— וואס איז טייטש „פונקט פארקערט"?

— זייער פשוט, — האט שווייק געזאגט אפנהארציק. — איך גיי דוקא אין פולק אריין, איך זוך אים, און ניט איך אנטלויף פון אים. איך וויל קיין אנדער זאך ניט, ווי נאר וואס גיכער קומען אין פולק. איך האב זיך דא שוין אויסגעמוטשעט, ווען איך גיב א קלער, אז איך גיי, קענטיק, אוועק אלץ ווייטער פון בודוויס, בעת דארט ווארט אף מיר א גאנצער פולק. דער הער וואכמייסטער אין פוטים האט מיר באוויזן אף דער קארטע, אז בודוויס ליגט אין דרום-זייט, און אליין האט ער מיך אפגעשיקט קיין צפון-זייט.

האט דער ריטמייסטער מיד א מאך געטאן מיט דער האנט, ווי איינער זאגט: דער דאזיקער בריה קאן אפטאן ערגערע שפיצלעך, ווי פארשיקן מענטשן קיין צפון-זייט.

— הייסט דאס, אז איר האט ניט געקאנט געפינען אייער פולק? — האט ער געפרעגט. — און איר האט אים געזוכט?

האט שווייק אים דערקלערט, ווי די זאך האלט. ער האט אנגערופן טאבאר און אלע ערטער, וווּ ער איז דורכגעגאנגען, בכדי צו קומען קיין בודוויס. ער האט גערעדט מיט גרויס היץ, און דער ריטמייסטער האט מיט א בלייפען כסדר געצייכנט אפן שטיקל פאפיר פיגורן פון דער ציפער אכט — האט דאס באדארפט באטייטן, ווי אזוי דער בראווער סאלדאט שווייק, וואס גייט אויס צו קומען אין זיין פולק, דרייט זיך ארום און קאן זיך ניט ארויספלאנטערן.

— יא, דאס איז געווען נישקשה פון א הארעוואניע, —

האָט ער אַרויסגערעדט, נאָכדעם ווי ער האָט מיט פאַרגעניגן אויסגעהערט שווייקס דערציילונג. — איך מיין, עס האָט זיך געוואָלט לוינט צו זען, ווי איר האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום פּוטים.

— די זאַך וואָלט שוין קלאָר געוואָרן פריער, — האָט באַמערקט שווייק, — אויב ניט דער דאָזיקער הער וואַכמייסטער אינם דאָזיקן שלימזלדיקן פּוטים. ער האָט דאָך בײַ מיר ניט געפרעגט ניט ווי מען רופט מיך, ניט פון וואָסער פאָלק איך בין. אים האָט דאָס בילד מיט אַמאָל אויסגעוויזן אַזוי שרעקלעך חשודיק. וואָלט ער מיך אָפּגעשיקט קיין בודוויים, וואָלט מען אים דאָרט אין קאַזאַרמע באַלד געזאָגט, צי איך בין דאָס דערזועלבי־קער שווייק, וואָס ווערט געזוכט, אָדער עפּעס א חשודיקער פאַר־שוין. און איך וואָלט שוין דעם צווייטן טאָג געווען אין פאָלק און וואָלט שוין געטאָן מיין דינסט.

— און פאַרוואָס האָט איר זיי אין פּוטים ניט אָנגעוויזן, אַז דאָ איז אַרויסגעקומען אַ קליינער טעות?

— איך האָב געזען, אַז מיט זיי איז ניט כדאי צו ריידן. נאָך דער אַלטער שיינקער ראַמפּאַ פון ווינאָגראַד, ווען עמיצער פלעגט זיך איינשפּאַרן און ניט וועלן צאָלן, פלעגט ער זאָגן, אַז עס טרעפט, אַ מענטש ווערט ווי געליימט, דעמאָלט איז באַטש רייד צום לאָמפּ.

נאָך דער דערקלערונג האָט שוין דער ריטמייסטער מער זיך ניט געחקירהט. ער האָט באַשלאָסן אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ דעגענעראַט און האָט אים אָפּגעשיקט מיטן אייזנבאַן אין דער באַגלייטונג פון אַ זשאַנדאַר קיין בודוויים.

די נסיעה אין אייזנבאַן פון פּיסעק קיין בודוויים איז פאַר שווייקן פאַרבײַגעפלויגן ווי א חלום. אים האָט באַגלייט אַ יונגער זשאַנדאַר, וואָס האָט אים געהיט ווי זיין שוואַרצאַפּל פון אויג.

אונטערוועגס פון וואָקזאַל ביז צו דער קאַזאַרמע אין בוד־וויים האָט ער פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט, און איטלעכס מאָל ווען זיי זיינען צוגעגאַנגען צו אַ ווינקל גאַס אָדער צו אַ קרייץ־וועג, פלעגט ער אים אַזוי ווי דרך אגב דערציילן, וויפיל

פּאַטראָניעס עם קריגט אַ זשאַנדאַר, וואָס באַגלייט אַרעסטירטע. דערויף האָט שוויק געענטפערט, אַז ער איז זיכער, אַז קיין איין זשאַנדאַר וועט נישט שיסן אין קיינעם אין גאַס, בכדי נישט אָנצוּמאַכן קיין צרה. דער זשאַנדאַר האָט דערמיט נישט מסכּים געווען. און אַזוי זיינען זיי פריינטשאַפטלעך שמועסנדיק געקומען אין קאַזאַרמע.

די וואך אין פּולק האָט געהאַלטן שוין דעם צווייטן טאָג דער לייטענאַנט לוקאַש. ער איז זיך געזעסן רואיק אין קאַנצעליאַריע ביים טיש, בעת מען האָט צו אים אַריינגעפירט שוויקן מיט די פּאַפּירן.

— איך האָב דעם כּבוד זיך צו מעלדן, הער לייטענאַנט!
— האָט שוויק ראַפּאָרטירט מיט אַ פייערלעכער פּיזיאָנאָמיע.

ביי דער דאָזיקער סצענע איז געווען דערביי דער פענדריק קאָטיאַטקאָ, וואָס האָט שפּעטער דערציילט, אַז באַלד נאָך שוויקס ראַפּאָרט איז לייטענאַנט לוקאַש אויפגעשפּרונגען, ווי אַ פּאַרסמטער, זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ און אַרויפגעפאַלן אויף אים, אויף קאָטיאַטקאָ, אַ פאַרחלשטער. אַז מען האָט אים אָפּגעמינטערט, האָט שוויק, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די האַנט ביים דאַשעק, איבערגעחזרט: „איך האָב דעם כּבוד זיך צו מעלדן, הער לייטענאַנט!" און דעמאָלט האָט לייטענאַנט לוקאַש, בלייך ווי די וואַנט, מיט ציטערדיקע הענט אַ כאַפּ געטאָן שוויקס פּאַפּירן, אונטערגעשריבן זיי און געבעטן אַלעמען אַרויסגיין פון צימער, דעם זשאַנדאַר האָט ער געזאָגט, אַז אַלץ איז כּשורה, און דערנאָך האָט ער זיך איינגעשלאָסן מיט שוויקן אין דער קאַנצעליאַריע...

* * *

שוויק און לייטענאַנט לוקאַש האָבן זיך אָנגעקוקט גלייך אין די אויגן.

פון דעם לייטענאַנטס אויגן האָט אַרויסגעשיינט אימה און פּחד און יאוש, און שוויק האָט געקוקט אפן לייטענאַנט און מיט הכנעה און מיט ליבשאַפט, אַזוי ווי אויף אַ פאַרלאָרענער און

ווידער געפונענער געליבטער.

אין קאנצעליאריע איז געווען שטיל ווי אין קבר.

אין דערבייאיקן קאָרידאָר האָבן זיך געלאָזט הערן טריט. דאָס איז א פרייוויליקער, מיט א פארלייגטן נאָז פון קאַטער, ארומגעגאנגען אהין און צוריק און געחזרט אף אויסווייניק דעם סטאַטוט: „ווי אזוי מען דאַרף אין פעסטונגען מקבל פנים זיין פּערזאָנען פון דער קייזערלעכער פאמיליע״.

— פארשטאָפּט דאָרטן די האלדז! — האָט דער לייטע־נאנט ארויסגעהוקעט אין קאָרידאָר ארוים. — טראָגט זיך אָפּ צו אל די שווארצע יאָר! אויב איר האָט פיבער, קענט איר בלייבן אינדערהיים, אין בעט.

האָט מען געקאָנט הערן, ווי דער פלייסיקער פרייוויליקער איז זיך אוועק אין אנדער עק קאָרידאָר, און פון דערווייטנס האָט שוין ווידער געקלונגען זיין פאָנפעוואַטער קול...

דער לייטענאנט מיט שוויקן האָבן ווידער געקוקט שווייַ־גנדיק איינער אפן צווייטן, ביז דער לייטענאנט לוקאש האָט געעפנט זיינע לעפצן און האָט ארויסגערעדט מיט ביטערער איראָניע:

— ברוך הבא, שוויק! ווען עס איז באַשערט געהאנגען צו ווערן, וועט זיך ניט דערטרינקען! עס איז שוין אָפּגעגעבן אַ באַפעל אייך אופצוזוכן און צו אַרעסטירן, און מארגן וועט איר מוזן זיך באַווייזן פאַרן קאָמאנדיר פון פּולק. איך וויל מער מיט אייך זיך ניט עסקן. איך האָב שוין גענוג צרות געהאַט פון אייך, און מיין געדולד האָט זיך שוין אויסגענומען. ווען איך טו נאר אַ קלער, אַז איך האָב אזוי לאנג געקאָנט לעבן מיט אזא אידיאָט, ווי איר...

ער האָט גענומען שפּרייזן אַהין און צוריק איבער דער קאַנצעליאַריע.

— ניין, דאָס איז שרעקלעך! מיר איז אַ חידוש, ווי אַזוי האָב איך דאָס אייך ניט דערשאָסן. וואָס האָב איך ריזיקירט? לחלוטין גארניט. וואָלט איך פטור געווען פון אייך. איר פאַר־שטייט?

— גאַנץ ריכטיק, האָט דער לייטענאַנט, איך פאַרשטײ אַליין.

— גענוג, גענוג, הויבט ווידער נישט אָן אײַער זאַגאַכץ, שוויק, עס וועט זײַן שלעכט, אויף מײַן ערן־וואָרט. ווען עס איז וועלן מיר מיט אײַך שוין פאַרטיק ווערן. איר האָט שוין אײַערע אידיאָטישע שטיק געבראַכט אַזוי ווײַט, אַז אַ קאַטאַסטראָפע מוז קומען.

און לייטענאַנט לוקאַש האָט זיך גענומען רײַבן די הענט.

— יאָ, שוויק, איר זײַט שוין אַ פאַרטיקער.

ער איז צו צום שרײַב־טיש, האָט אָנגעשריבן אַ פּאָר שורות אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ רוף געטאָן דעם וואַך־סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען פאַר דער קאַנצעליאַריע, און געהייסן אָפּפירן שוויקן צום פּראָפאָס, וואָס האָט די השגחה איבער די אַרעסטירטע און איבערגעבן אים דאָס צעטעלע.

האָט מען שוויקן אַוועקגעפירט איבערן הויף, און דער לייטענאַנט האָט מיט אָפענער שמחה געזען, ווי דער פּראָפאָס האָט געעפנט די טיר מיטן שוואַרץ־געלן שילטל: „אַרעסטאַנטן־קאַמער פון פּולק", ווי שוויק איז פאַרשוווּנדן הינטער אָט דער טיר און ווי אין אַ ווײַלע אַרום איז פון דאָרט אַרויס נאָר דער פּראָפאָס.

— אַ דאַנק גאָט! — האָט דער לייטענאַנט אַ טראַכט געטאָן אויפן קול. — איצט איז ער שוין דאָרט.

אין קאַרצער האָט שוויקן פרײַנטלעך באַגריסט אַ גראָבער פרײַוויליקער, וואָס האָט זיך צעלייגט מעשה פּריץ אויף אַ שטרוי־זאַק. ער איז געווען דער איינציקער אַרעסטאַנט אין פּולק און האָט זיך גענודעט שוין דעם צווייטן טאָג איינער אַליין. אויף שוויקס פראַגע, פאַרוואָס ער זיצט, האָט ער געענטפערט, אַז פאַר גאָרנישט מיט גאָרנישט. בײַנאַכט אויפן פּלאַץ האָט ער שכּורערהייט על פּי טעות דערלאַנגט אַ פּאַטש עפּעס אַן אַרטי־לעריע־אָפיציר. אין דער אמתן גאָר נישט קיין פּאַטש, נאָר ער האָט אים אַראָפּגעקלאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ. דאָס האָט פּאַ־

סירט אזוי: דער אָפיציר איז געשטאַנען בײַנאַכט אפן פלאַץ, מסתמא געוואַרט אף עמיצן, געשטאנען מיטן רוקן צו אים, דעם פרייוויליקן. האָט ער געמיינט, אז דאָס איז זיינער אַ גוטער באַקאַנטער, אויך אַ פרייוויליקער, פראַנץ מאַטערנא.

— מיין חבר, — האָט ער דערציילט שוויַיקן, — איז אויך אזא קליינגעוויקסיקער. מילא, האָב איך זיך פון הינטן אונטערגעגנבעט, אראָפּגעקלאַפּט דאָס היטל און אַ געשריי געטאָן: „צו געזונט און צו לעבן, פראנצל!“ און יענער לעקיש האָט גענומען און ארויסגערופן אַ פאטרול, וואָס האָט מיך באַלד ארעסטירט.

— עס קאָן זיין, — האָט דער פרייוויליקער נאָך אַ קורצער פויזע מסכים געווען, — אז בשעת מעשה זיינען געפלויגן אויך פעטש, אָבער מיר דוכט, אַז דאָס מאכט ניט אויס, וואָרום די גאַנצע זאַך ליגט דאָך אין דעם לכתחילהדיקן טעות. ער איז דאָך אליין מודה, אַז איך האָב געזאגט: „צו געזונט און צו לעבן, פראַנצל“ — און ער הייסט גאר אַנטאָן. דאס איז דאך קלאר ווי דער טאג. דער עיקר, וואס דאס קאן מיר שאדן, ווייל איך בין אַנטלאפן פון שפיטאל, און דערצו נאָך אויב עס וועט ארויסקומען די מעשה מיטן קראנקען-זשורנאל.

— די געשיכטע איז די, — האט ער ווייטער דערציילט, — אז ווען מען האט מיך גערופן דינען, האב איך קודם כל גע־דונגען אַ צימער אין שטאט און געפלייסט זיך צו קריגן רעמא־טיס. דריי מאל נאך אנאנד האב איך זיך אנגעשיכורט און זיך אוועקגעלייגט אויסער שטאט אונטערן רעגן אין אַ גראבן און דערנאך אראפגעצויגן די שטיוול. עס האט אבער ניט געהאלפן. האב איך דערנאך אַ גאנצן ווינטער דורך אנאנד זיך געבאדן אין טייך, נאר דערפון איז ארויסגעקומען פונקט קאפויר. איך האב זיך, פארשטייט איר מיך, אזוי פארהארטעוועט, אז איך האב גע־מעגט אפליגן אַ גאנצע נאכט אין שניי אפן הויף, און אינדערפרי, אז מען האט מיך אופגעוועקט, זיינען די פיס געווען ביי מיר ווארים, ווי איך וואלט געלעגן אונטער אַ פערינע. אז איך זאל דאס כאטש כאפן אן אנגינע! הויבט זיך ניט אן! ממש גארנישט.

און וואס האב איך דאס אליץ ניט אפגעטאן, אף צו קריינקען, נאר עס איז געבליבן ביים וועלן... ערשט סוף כל סוף האב איך זיך באקענט אין דער „ראזע" מיט אן אינוואליד, וואס האט מיר געזאגט, איך זאל זיך צו אים ארייננכאפן א זונטיק, וועלן שוין אף מארגן די פיס ביי מיר זיין בלייערנע, ביי אים אינדערהיים איז טאקע געווען א נאדל און א שפריץ אזא, און איך האב טאקע קוים מיט צרות פון אים זיך דערשלעפט אהיים. אט די טייערע נשמה האט טאקע ניט אפגענארט. איך האב טאקע סוף כל סוף געקראגן דעם אזוי לאנג געגארטן געלענק-רעמאטים.

האט מען מיך באלד אפגעשיקט אין שפיטאל, און די קריינק האט אפגענומען ווי מיט א האנט. דעמאלט האט ווידער אמאל מיר א שפיל געטאן דאס מזל. מען האט פון זשיזשקאוו אריבערגעפירט קיין בודוויים מיין שוואגער דאקטאר מאזאק, און אים האב איך דאס צו פארדאנקען, וואס איך האב זיך אזוי לאנג געהאלטן אין שפיטאל. ער וואלט מיך אויך דורכגעשלעפט דורך דער מעדיצינישער אונטערזוכונג, נאר איך אליין האב אוועקגעפטרט. די גאנצע זאך מיטן שלימזלדיקן „קראנקען-זשורנאל". די אידיי פאר זיך איז א גוטע, וואס מען דארף ניט בעסער. איך האב דערקאזשעט א גרויס בוך, אנגעקלעפט דערויף א ווייס צעטל און אנגעשריבן: „קראנקען-בוך פון 91-טן פוס-גייער-פולק". צעווירעט רובריקעס — אליץ ווי עס געהער צו זיין. האב איך דארט אריינגעשריבן אויסגעקלערטע נעמען, קריינק, טעמפעראטורעס, און אלע טאג, נאכן באזוך פון דאקטאר, פלעג איך זיך לאזן אין שטאט אריין, מיטן דאזיקן בוך אונטערן ארעם. און איך הער אייך ווי דעם קאטער! ביים טויער פלעגן שטיין סאלדאטן פון לאנדוועער, איך פלעג זיי א ווייז טאן דאס בוך, פלעגן זיי מיך נאך גריסן מיט כבוד. פון דארט פלעג איך אריינ-גיין צו א באקאנטן, זיך איבערטאן ציוויל און דערנאך אוועק אין א שיינקל, ווו מיר האבן זיך געהאט א קאמפאניע און פלעגן זיך פארברייננגען אין שמועסן מכח דעם, אז מיט עסטרייך האלט עס שמאל. שפעטער בין איך געווארן אזוי תקיף ביי זיך, אז איך פלעג אפילו זיך ניט איבערטאן און פלעג ארומגיין אין שטאט

און איבער די שיינקען אין אוניפארם. אין שפיטאל פלעג איך קומען צוריק שלאפן ערשט באגינען, און אויב א פאטרול פלעגט מיך פארהאלטן, פלעג איך באווייזן מיין קראנקען־זשורנאל. ביים טויער פון שפיטאל פלעג איך ווידער באווייזן דעם קראנקען זשורנאל, און מען פלעגט מיך אן טענות דורכלאזן. דארף זיך דאס מאכן אט די צרה מיטן אפיצער אפן פלאץ... יא, חבר, אט אזוי גייט דאס, געלעכטער קומט אלע מאל פאר טרערן. וואס איז א מענטש? א שטיק שמאטע!... מען טאר ניט בויען אף מזל, נאר אינדערפרי און ביינאכט דארף מען זיך פאטשן איבער די פיסקעס, בכדי ניט צו פארגעסן, אז געהיטקייט איז די מאמע פון אלע מדות טובות, און גיי ניט גיך — וועסטו ניט רייסן קיין שיך... אז איך טו נאר א קלער, אז אף אזא שטייגער האב איך דאס מיר, אנגעפייפט די מעדיצינישע אונטערזוכונג! מען וואלט דאך מיך געקאנט באפרייען פון אקטיוון דינסט! ביי אזא פראטעקציע! וואלט איך מיר געהאט ערגעץ א שטעל אין הינ־טערלאנד — וואס וואלט מיר אפגעגאנגען. גענומען בידים און זיך אוועקגעפטרט!

און דער פרייוויליקער האט פארענדיקט זיין דערציילונג מיט אזעלכע פייערלעכע ווערטער:

— קארטאגא איז צעשטערט געווארן, און נינוה איז גע־ווארן א הויפן חורבות, נאר טייערער חבר, אראפפאלן ביי זיך טאר מען ניט. ניט מיינט, אז אויב מען וועט מיך אוועקשיקן אפן פראנט, וועל איך כאטש איין שאס געבן. אויסגעשלאסן פון אפיצערן־שול! א גרויסע מעשה! איך גיי טאקע אוים נאך זייער תורה מיט זייערע עקזאמענס... נאר דא כאפט אויך ארום אן אומעט. א טרונק ביר... א רויכער טאן... אזא מנוול דער פרא־פאס! אייערנעכטן גיב איך אים פינף קרוינען, ער זאל מיר קויפן פאפיראסן, קומט דער דאזיקער זשוליק היינט אינדערפרי און גיט מיר צו וויסן, אז דא טאר מען ניט רויכערן, אז ער קאן נאך האבן דערפון צרות, און אז די פינף קרוין וועט ער מיר אפגעבן, ווען ער וועט קריגן שכירות. יא, חבר, איצט גלויב איך שוין אין קיין זאך מער ניט. די העכסטע לאזונגען ליגן צע־

טראטן אין בלאטע. באגנבען ארעסטירטע! און ער, דער כלב, זינגט זיך פון פרי ביז שפעט... אויסוואורף, יונגאטש, מסור, גנב!...

צולעצט האט דער פרייוויליקער געפרעגט ביי שוויקן, וואס האט ער דאס אזוינס געטאן:

— ווי? געזוכט אייער פולק? — האט ער אויסגערופן. — א קורצע מעשה, נאר א שיינע! נישקשה פון א שפאציר — פאלג איך א גאנג! הייסט דאס, אז איר וועט אויך מארגן גע־שטעלט ווערן פארן קאמאנדיר פון פולק? אט וועט דאס זיין א שמחה פאר אונדזער פולקאווניק שרעדער! איר קאנט זיך ניט פארשטעלן, ווי אזעלכע זאכן ווירקן אף אים. ער לויפט ארום איבערן הויף, ווי ער וואלט זיך האבן אקארשט אפגעריסן פון קייט, ארויסגעשטעקט דעם צונג, ווי אן אפגעיאגטע קליאטשע... איר וועט נאר הערן זיינע רייד און זיין מוסר און ווי ער גא־ווערט דערביי מיט שפייעכץ, פונקט ווי א משוגענער קעמל. און שיט מיט ווערטער און שיט, אן א סוף און אן א גבול, אז עס דאכט זיך: אט־אט פאלט איין די קאזארמע איך קאן אים גוט. איך האב שוין מיט אים געהאט צו טאן... מיך האט מען צוגע־נומען אין דינסט אין לאנגע שטיוול, אפן קאפ האב איך געהאט א צילינדער־הוט, און היות ווי דער שניידער האט ניט באוויזן צו ברענגען מיר מיין אוניפארם, האב איך אזוי ארוממארשירט איבערן פלאץ מיט דער אפיצערן־שול, ווי איך שטיי און גיי, אין ציוויל־ליידער, אין לאנגע שטיוול און אין צילינדער־הוט. אזוי בין איך געגאנגען אפן מושטיר אפן לינקן פלאנג. קומט געריטן פולקאווניק שרעדער און גלייך צו מיר, שיער מיטן פערד מיך ניט צעטראטן. „באפט אייך דער רוח! — האט ער דאס א הוקע געטאן, אז עס האט געווים אפגעקלונגען ביז פראג. — וואס טוט איר דא, יאלד שלימזלדיקער?" מעלד איך אים העפלעך. אז איך בין א פרייוויליקער און באטייליג זיך אין מושטיר. וואלט איר דאס א קוק געטאן אף אים! ער האט אנגעדבערט ביי א האלב־שעה, ביז ער האט באמערקט, אז איך טראג א צילינדער־הוט. ערשט דא האט ער א געשריי געטאן,

אז איך זאל זיך מעלדן בײַ אים אױף מאָרגן מיט א ראַפּאָרט, און פון רציחה איז ער אװעקגערײטן צו אל די שװאַרצע יאָר, און דערנאָך איז ער געקומען צוריק און האָט װידער גענומען גװאַל־דעװען און אַרױסגײן פון די כּלים און קלאַפּן זיך אין האַרצן און געהײסן תּיכּף אַראָפּנעמען מיך פון פּלאַץ און אַרײַנזעצן אין הױפּט־װאַך. אױף מאָרגן, אַז איך בין געקומען צו אים, האָט ער מיר אַרײַנגעהאַקט פּופּצן מעת־לעת קאַרצער, געצװוּנגען מיך אָנ־צוטאָן עפּעס שמאַטעס פון צײַכהױז און געסטראַשעט אָפּצוטרענען בײַ מיר די בענדלעך פון פרײַװיליקן. „פרײַװיליקע, — האָט ער זיך געריסן אױף א קול, — דאָס זײַנען מענטשן פון א העכערן מין, אױסדערװײלטע, קומענדיקע העלדן. דער פרײַװיליקער װאָל־טאַט איז, נאָכדעם װי ער האָט אױסגעהאַלטן עקזאַמען אױף קאַפּ־ראַל, מיטן אײגענעם װילן אװעק אױפן פראָנט, און באַלד אין דער ערשטער שלאַכט האָט ער גענומען געפאַנגען פופצן קאַזאַקן און בײַם איבערגעבן זײ איז ער צעריסן געװאָרן פון א גראַנאַטע. אין פינף מינוט אַרום איז באַקומען געװאָרן א באַפעל צו העכערן אים אױפן ראַנג פון אַן אונטער־אָפיצער. אַזױ װאָלט איר אױך געקאָנט זיך גיך דערדינען צו א הױכן ראַנג. געהאַט מעדאַלן, און אײער נאָמען װאָלט אַרײַנגעשריבן געװאָרן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון פאָלק".

דער פרײַװיליקער האָט ברוגז א שפּײַ געטאָן.

— אָט זעט איר, חבר, סאָראַ אידיאָטן עס לעבן אױף דער װעלט! — האָט ער װײַטער גערעדט. איך שפּײַ אױף זײערע בענדלעך און אַלע זײערע ראַנגען. אַן אָקס איז שױן בעסער צו זײַן. אים קױלעט מען פּשוט אין שעכטהױז, און מען שלעפּט אים ניט פריער אױפן מושטיר־פּלאַץ און מען לערנט אים ניט שיסן מיט פולע פּאַטראָנעס.

און דער גראַבער פרײַװיליקער האָט זיך איבערגעדרײט אױף דער אַנדער זײַט און האָט װײַטער גערעדט:

— עס איז קלאָר, אַז װען עס איז װעט דאָס אַלץ פּליען צום טײַװל און אײַביק װעט דאָס זיך ניט ציען. פּרוּװט אַקאָרשט אָנפּאַמפּען אין א חזיר אַפילו ראָס, װעט ער דאָך סוף כּל סוף

פארט פלאצן. אז איך וואלט געמוזט גיין אפן פראנט, וואלט איך אנגעשריבן אפן וואגאן:

„מיסט זיינען מיר פארן שונאס פעלדער:
פערציק מאן — אכט פערד”

עס האט זיך געעפנט די טיר. עס איז אריין דער פראפאס און האט געבראכט א פערטל לאבן ברויט פאר צווייען און א קרוג וואסער.

ניט אופגעהויבן זיך פון שטרוי=זאק, האט דער פרייווויליקער זיך געווענדט צו אים מיט אזא רעדע:

— ווי פיין און ווי געהויבן דאס איז צו קומען געוואר ווערן תפוסים, א הייליקע אגנעס פון 91=טן פולק! זיי געגריסט, דו מלאך, רחמים, וואס דיין הארץ איז פול גענאד! דו אכצסט אונטער דער משא פון קארב מיט עסן און געטראנק, צו שטילן אונדזער הונגער און דארשט. קיין מאל וועל איך דיין חסד ניט פארגעסן. דו ביסט א ליכטיקער שיין אין פינצטערניש פון אונדזער תפיסה.

— נישקשה, מארגן ביים קאמאנדיר פון פולק וועט קיין קאטאוועס אייך ניט איינגיין, — האט דער פראפאס ארויסגעבורטשעט.

— מאך ניט די פוריע, שפיצמויז, — האט זיך אפגערופן דער פרייווויליקער פון שטרויזאק, — זאג בעסער, וואס וואלסטו געטאן, ווען דו וואלסט דארפן ארייננזעצן צען פרייווויליקע. קוק ניט אף מיר אזוי מעשה ליימענער גולם! איך וויס, צוואנציק וואלסטו ארייננגעזעצט און צען פריי געלאזט. יעזוס=מאריא, וואלט איך געווען קריגס=מיניסטער, וואלט איך דיך צוגענומען דינען צו מיר. איך בעט דיך נאר איין זאך: ווייז מיר א פעסטן שטיין=פונקט, וועל איך אופהויבן דעם גאנצן ערד=קיילאך צוזאמען מיט דיר, דו אנגעבלאזענער גארנישט!

האט דער פראפאס מיט רציחה אויסגעגלאצט די אויגן, א טרייסל געטאן מיט די אקסלען און האט צוגעקלאפט די טיר.

— דא געפינט זיך דער קאאפעראטיווער פארבאנד אף

פארטיליגן פראפאסן, — האט געזאגט דער פרייוויליקער, בעת מעשה טיילנדיק דעם חלק ברויט אף צוויי ניט־גלייכע חלקים. — ד'א הערשט דער געזעץ פון די פרעריעס: ווער עס כאפט, דער האט.

יי האבן זיך אוועקגעזעצט אף דער לאווקע און גענומען גריזשען די פארטריקנטע ברויט.

טייערער פריינט, — האט דער פרייוויליקער ווייטער געפירט זיינע רעיונות, — ווען מיר טוען א קוק, וואס עס טוט זיך אפ איצט אין אונדזער פארגעטערטער מאנארכיע, קומען מיר צו דעם אויספיר, אז זי האלט פונקט אזוי ווייט ווי אנעגינס פעטער, וואס ווען אים האט פושקין געשריבן, אז היות ווי דער דאזיקער פעטער איז טאקע ניט אף קאטאוועס קראנק געווארן, האט אנעגין קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי

„זיפצן און זיך קלעמען:

ווען וועט דיך דער טייוול נעמען!"

ווידער האבן שליסלען א בראזגע געטאן, און דער פראפאס האט אנגעצונדן אין קארידאר א פעטראליום־לאמפ.

— א ליכטיקער שטראל אין דער פינצטערניש! — האט דער פרייוויליקער אויסגערופן. — אופקלערונג דרינגט אריין אין דער ארמיי. א גוטע נאכט, הער פראפאס, גריסט די אייעריקע, און זאל זיך חלומען אייך עפעס גוטס — למשל, אז איר'ט מיר אפגעגעבן די פינף קרוינען, וואס איך האב אייך געגעבן אף קויפן פאפיראסן און איר האט זיי פארטרונקען צו מיין געזונט. איך ווינטש אייך זיסע רו, איר ים־קאטער!

מען האט געקאנט הערן, ווי דער פראפאס האט עפעס געבורטשעט וועגן מארגעדיקן חלק ביים קאמאנדיר פון פולק.

דער פרייוויליקער האט א גענעץ געטאן.

— מיר מוזן זיך גוט אויסשלאפן צום מארגעדיקן צימבל, — האט ער געזאגט, זיך איינוויקלענדיק אין קאלדרע. — עס וועט זיין וואס צו הערן און וואס צו זען. איך זאג אייך, אז אין דער ארמיי איז אלץ דורך און דורך צעפוילט. דערווייל זיינען

די מאסן נאך פארפירט, ווייסן ניט, וואס מיט זיי טוט זיך. מיט ארויסגעשטארצטע אויגן לאזן זיי זיך צעהאקן אף שטיקער, און קריגט איינער א קויל, פרעפלט ער מער ניט: „מאמע"... ניטא קיין העלדן, פאראן נאר הארמאטן־פלייש און קצבים אין די גענעראל־שטאבן. נאר סוף כל סוף וועלן אלע זיין צעבונטעוועט, און דעמאלט וועט זיך פארקאכן א קאשע. לעבן זאל די ארמיי! א גוט נאכט!

ער איז אנטשוויגן געווארן. דערנאך האט ער זיך גענומען דרייען אונטער דער קאלדרע און האט א פרעג געטאן:

— איר שלאפט, חבר?

— ניין, — האט געענטפערט שווייק פון דער צווייטער לאווקע אראפ. — איך טראכט.

— וואס טראכט איר?

— ס'איז א מעשה מיט א גרויסער זילבערנער מעדאליע „פאר גבורה", וואס עס האט געקראגן איינער א טישלער פון וואווזי־גאס אין ווינאגראד, א געוויסער מליטשקא, ווארום אין אנהויב מלחמה איז ער געווען דער ערשטער, וואס ביי אים האט אפגעריסן א פוס. האט מען אים געגעבן א פראטעז, און ער האט גענומען אומעטום זיך בארימען מיט זיין מעדאליע און בכלל זיך גרוים האלטן, וואס ער איז דער ערשטער אינוואליד אין פולק. איין מאל איז ער געקומען אין „אפאלא" אין ווינא־גראד און האט זיך דארט צעווערטלט מיט די קוילער־יונגען פון שעכט־הויז. א ווארט פאר א ווארט — ביז זיי האבן ביי אים אראפגעריסן דעם קינסטלעכן פוס און דערמיט אים א פלעם געטאן איבערן קאפ. דער אבער, וואס האט דעם פוס ביי אים אפגעריסן, האט ניט געוווסט, אז ער איז א קינסטלעכער, און איז פון שרעק געפאלן אין חלשות. אין צירקל האט מען דעם מליטשקא דעם פוס ווידער צוגעהעפט, נאר זינט דעמאלט איז מליטשקא ברוגז געווארן אף זיין גרויסער זילבערנער מעדאליע, איז אוועק אין לאמבארד און האט געוואלט זי פארמשכונען, און דארט האט מען אים פארהאלטן אין איינעם מיט דער מעדאליע. דערנאך האט ער געהאט א פולע צרות, און דער עיקר איז,

וואס אים האט געמשפּט עפּעס א באַזונדער ערן־געריכט פאַר די קריגס־אינוואלידן און האט אים צוגעמשפּט, מען זאל ביי אים צונעמען די זילבערנע מעדאליע.

דערנאָך האט מען ביי אים נאָך צוגענומען דעם פּראַטעז...
— ווי איז דאס?

— זייער פּשוט. אין איין שיינעם טאָג איז צו אים געקומען אַ קאָמיסיע און האָט אים געמאָלדן, אַז ס'איז געוואָרן אָנער־קענט, אַז ער איז ניט ראוי צו טראָגן דעם פּראָטעז און האָט דאָס ביי אים צוגענומען און אוועקגעטראָגן.

— און עס טרעפט נאָך אַזאַ קאָמישע מעשה, — האָט שווייק ווייטער דערציילט, — אַז די קרובים פון אַ געפאַלענעם אין שלאַכט קריגן מיט אַמאָל אַזאַ מעדאַליע מיט אַ געשריפטס, אַז מען איז זיי מכבד מיט דער דאָזיקער מעדאַליע, זיי זאָלן זי אופהייענגען אין אַ בכבודיקן אָרט. אויף באָזשעטעכער גאָס, אין ווישע גראַד, האָט איין פאָטער אַ כעסן, וואָס אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען מאַכט פון אים חוזק, גענומען און אופגע־האַנגען טאַקע זי אין בית־הכסא, און איין פּאָליציסט, וואָס האָט געהאַט מיט אים בשותפות דעם בית־הכסא איז טאַקע אַוועק און האָט אויף אים געמסרט, אַז ער איז אַ מורד במלכות. איז ער נעבעך אַזוי פאַרפאַלן פאַר־אומזיסט־פאַר־אומנישט.

— דערפון איז געדרונגען, — האָט געזאָגט דער פריי־וויליקער, — אַז גליק און גלאָז זיינען זאַכן, וואָס האָבן קיין לאַנגען האַלט ניט. מיר דוכט, אַז דער קריגערישער גייסט איז ביי אונדז זייער שטאַרק געפאַלן. דערפאַר לייג איך פאָר אַז מיר זאָלן דאָ, אין דער שטילקייט פון אונדזער קאַמערע, אין מיטן דעם חושך פון דער נאַכט, אויסזינגען דאָס ליד פון קאַנאָניר יאַבורעק. דאָס וועט שטאַרקן אונדזער קריגערישן גייסט. נאָר מיר מוזן גוואַלדעווען אַזוי, מען זאָל הערן אין דער גאַנצער קאַזאַרמע. צוליב דעם דאַרפן מיר זיך אַנידערשטעלן האַרט ביי דער טיר.

און פון קאַרצער אַרום האָבן גענומען זיך רייסן אַזעלכע קולות, אַז אין קאָרידאָר האָבן די שויבן געציטערט:

„ביים האַרמאַט איז ער געשטאַנען
און געלאָדן מאָל פאַר מאָל,
ביים האַרמאַט איז ער געשטאַנען
און געלאָדן מאָל פאַר מאָל.
ביז עס באָמבע צו פליען קומט,
רייסט אים הענט פון אַקסלען אָפּ.
ער איז אָפּן אָרט געבליבן,
אַלץ געלאָדן און געשאָסן,
ער איז אָפּן אָרט געבליבן,
אַלץ געלאָדן און געשאָסן".

אין הויף האָבן זיך געלאָזט הערן טריט און שטימען.

— דאָס איז דער פּראָפּאָס, — האָט געזאָגט דער פריי־וויליקער, — און מיט אים לייטענאַנט פּעליקאַן, וואָס האַלט היינט די וואַך. ער איז פון רעזערוו און מיינער אַ באַקאַנטער פון טשעכישן קלוב. אין ציווילן לעבן איז ער אַ בוך־פירער אין אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט. ביי אים קריגן מיר פּאַפּיראָסן לאָמיר ווייטער שרייען.

אַז די טיר האָט זיך געעפנט, האָט דער פּראָפּאָס, קענטיק אויפגערעגט, וואָס דער אָפיצער איז דאָ דערביי, באַמערקט מיט רוגזא:

— דאָ איז ניט קיין מענאַזשעריע!

— איך בעט אייך איבער אייער כבוד, — האָט געענט־פערט דער פרייוויליקער, — דאָס איז אַן אָפּטיילונג פון זינגער־פאַריין „רודאָלפינום", וואָס גיט אָפּ קאָנצערט לטובת די תפוסים. דער ערשטער נומער פון דער פּראָגראַמע, „קריגס־סימפאָניע", איז נאָר וואָס פאַרענדיקט געוואָרן.

— וואַרפט אַוועק די חכמות, — האָט דער לייטענאַנט פּעליקאַן געמאַכט אַ שטרייַנגען פּנים. — מיר דוכט, איר דאַרפט דאָך וויסן, אַז ניין אַזייגער מוזט איר זיך לייגן שלאָפן און ניט

לאַרימען, אייער קאָנצערט־נומער האָט מען געקאָנט הערן אַפילו אפֿן בולוואַר.

— איך האָב דעם כּבֿוד צו מעלדן, הער לייטענאַנט, — האָט געזאָגט דער פּרייוויליקער, — אַז מיר האָבן זיך נאָך ניט צונויפגעשטימט ווי געהעריק, און אויב אין אונדזער געזאַנג איז געווען אַ דיס־האַרמאָניע...

— אַלע אָוונט אַזוי, — האָט דער פּראָפּאָס געפּרוווט אונטערגעבן היץ. — בכּלל פירט ער זיך ניט ווי אַן אינטעלי־גענטער מענטש.

— ערלויבט, הער לייטענאַנט, — האָט דער פּרייוויליקער געמאָלדן, — דורכצושמועסן זיך מיט אייך אונטער פיר אויגן. זאָל דער פּראָפּאָס וואַרטן הינטער דער טיר.

אַז דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז געוואָרן באַפרידיקט, האָט ער זיך געווענדט צום אָפיצער מעשׂה־חבֿר:

— הער נאַר, פראַנץ, גיב אונדז פּאַפּיראָסן... ווי „ספּאָרט"?... און דו, אַ לייטענאַנט, האָסט ניט קיין בעסערע פּאַפּיראָסן? נו, מילא, אַ דאַנק דערפאַר. גיב אַ שוועבעלע.

— „ספּאָרט", — האָט ער געזאָגט מיט ביטול, אַז דער אָפיצער איז אוועק. — איך האַלט, אַז אַפילו אין אָרימקייט דאַרף מען אויך אָפּהיטן אַ געוויסן שטאַט. אַנו, פאַררויכער'ט, חבֿר, מאָרגן איז פאַר אונדז אַ יום־הדין.

איידער ער איז אַנטשלאָפן, האָט ער נאָך אויסגעזונגען זיין ליבלינגס־ליד: „לאָמיר זיך געזעגענען"...

אין דער זעלביקער צייט איז פּולקאָווניק שרעדער געזעסן אין רעסטאָראַן, אַרומגערינגלט פון זיינע אָפיצערן, און האָט זיך צוגעהערט, ווי שטאַבס־קאַפּיטאַן קרעטשמאַן, וואָס איז געקומען צוריק פון סערביען מיט אַ צעמזיקטן פוס (דאָס האָט אים אַ קו צעשטאָכן), האָט דערציילט, ווי ער האָט געקוקט אויף אַן אַטאַקע אויף די סערבישע פּאָזיציעס, זיצנדיק אין שטאַב, וואָס צו אים איז ער געווען צוקאָמאַנדירט.

— שפּרינגען זיי דאָס אַרויס פון די גראָבנס, — האָט דער העלד געשילדערט. — אויף אַ מהלך פון צוויי קילאָמעטער

אין דער ברייט קריכן זיי איבער די דראָט־פאַרצאַמונגען און וואַרפן זיך אפן שונא מיט האַנט־גראַנאַטן בײם גאַרטל, אין אנטי־גאַזן׳ מיט אויסגעשטעלטע ביקסן, גרייט צו שיסן, צו שטעכן... קוילן פייפן אַרום. איין סאָלדאַט האָט אָקאָרשט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון טראַנשייע, ער פאַלט, אַ צווייטער פאַלט אַפּן ברוסטווער, אַ דריטער פאַלט צוויי טריט פון אים, נאָר די פיגורן פון די חברים פליען ווייטער, מיט געשרייען „הוראַ!״, אַלץ פאָר־ויס און פאָרויס, אין רויך און שטויב. דער שונא שיסט פון אלע זייטן, פון די טראַנשייעס, פון די טרעכטערס, וואָס גראַ־נאַטן האָבן אויסגעגראָבן, באַשפּריצט אונדז פון קוילנוואַרפערס. סאָלדאַטן פאלן שורותוויַז... איין קייט פּרווט זיך דורכשלאָגן צום שונאס קוינוואַרפער. אַלע פאַלן. נאָר די חברים זיינען שוין פאָרנט. הוראַ! עס פאַלט דער אָפיצער. מען הערט שוין ניט קיין ביקסן־שיסעריי; ס׳גרייט זיך עפּעס שרעקלעכס. ווידער פאַלט אַ גאַנצע קייט, מען הערט, ווי דעם שונאס קוילנוואַרפערס נייען: טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טאַ... זייט מוחל, איך קאָן ווייטער ניט דערציילן, איך בין שכור...

און דער אָפיצער מיטן צעשעדיקטן פּוס איז אַנטשוויגן געוואָרן און גענומען גלאָצן אין איין פּינטל. דער פּולקאָווניק שרעדער האָט מיט חסד אַ שמייכל געטאָן און גענומען זיך צו־הערן, ווי אים קעגנאיבער האָט קאַפּיטאַן ספּירא געקלאַפּט אין טיש, אַזוי ווי ער וואָלט זיך מיט עמיצן געקריגט, און איבער־געחזרט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט שוין גאָר קיין טעם ניט געהאַט:

— איז אָט, בעט איך איבער אייער כבוד, הערט צו מיט קאָפּ. ביי אונדז שטייען אונטערן ביקס עסטרייכישע לאַנדוועהר־אולאַנען, לאַנדוועהר־פוסגייער, באָסניאַקישע שיסערס, עסטרייכישע שיפערס, עסטרייכישע אינפאַנטעריע, אונגאַרישע אינפאַנטעריע, טיראָלער קייזערלעכע שיסערס, באָסנישע אינפאַנטעריע, מאַדיאַרי־שע האָנוועד־פוסגייער־פּולקן, אונגאַרישע הוזאַרן, לאַנדוועהר־הוזאַרן, רייטער־יעגערס, דראַגאָנער, אַרטילעריסטן, משא־פירער, אינזשענער־טיילן, סאַניטאַר־טיילן, מאַטראָסן... איר האָט צעקייט? און אין

בעלגיען? די אַרמיי פון דער ערשטער און צווייטער רעקרוטירונג בילדן די אַקטיווע אַרמיי, און די דריטע רעקרוטירונג שטייט אין הינטערלאַנד...

און קאַפּיטאַן ספּיראַ האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש.

— דער לאַנדוועהר דינט אין שלום-צייט אין לאַנד.

נעבן אים האָט אַ יונגער אָפיצער געפּליסט זיך צו באַווייזן דעם פּולקאָווניק, וואָס פאַר אַ העלד ער איז, און האָט מיט אַ כּיון אַריינגעטענעט אַף אַ קול מיט זיין שכן:

— איך האַלט, אַז סוכאָמלינאָוו וואָלט מען אויך באַדאַרפט שיקן אַפן פראָנט. עס וואָלט זיי וויל באַקומען, און חוץ דעם איז פאַרט גלייכער, ווען עס ווערן דערהרגעט קראַנקע, איידער געזונטע.

דער פּולקאָווניק האָט אַ שמייכל געטאָן, נאָר מיט אַ מאָל האָט ער געמאַכט אַ זויערע מינע און געווענדט זיך צו קאַפּיטאַן ווענצל:

— מיר איז אַ חידוש, וואָס לייטענאַנט לוקאַש מיידט עפּעס אויס אונדזער געזעלשאַפט. זינט מען האָט אים אריבער-געפירט אַהער, איז ער נאָך קיין איין מאָל ביי אונדז ניט געווען.

— ער שרייבט שירים, — האָט קאַפּיטאַן זאַגנער אַ שטאָך געטאָן. — ניט באַוויזן צו קומען אַהער, האָט ער זיך שוין פאַר-ליבט אין דער פרוי פון אינזשענער שרייבער, וואָס ער האָט זיך מיט איר באַקענט אין טעאַטער.

דער פּולקאָווניק האָט מיט רוגזאַ א קוק געטאָן פאַר זיך.

— מען זאָגט, ער זינגט גוט קופּלעטן?

— יאָ, נאָך אין קאַדעט-קאָרפּוס פלעגט ער אונדז אַמוזירן מיט זיינע קופּלעטן,—האָט זיך אָפּגערופן קאַפּיטאַן זאַגנער. — און אַנעקדאָטן ווייס ער א גאַנצן הויפן, און איינער בעסער פאַרן אַנדערן. נאָר פאַר וואָס ער קומט ניט צו גיין אין אונדזער קאָמ-פּאַניע, ווייס איך ניט.

דער פּולקאָווניק האָט טרויעריק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— צום באַדויערן, איז צווישן אונדז שוין ניטאָ אַמאָליקע חברשאַפט. און וווּ איז די אַמאָליקע פריילעכקייט? אפילו דער דאָזיקער קופּלעטיסט וויל זיך ניט ווייזן. און די יונגע אָפיצערן קאָנען אפילו ניט טרינקען! ס'איז נאָך קיין צוועלף ניט, און שוין, ווי איר זעט, ליגן פינף טויט שכור אונטערן טיש. געווען א צייט, ווען מיר פלעגן צו צוויי מעת לעת ניט אופשטיין פון טיש, און וואס מער מיר האבן געטרונקען, אלץ ניכטערער זיינען מיר געוואָרן, און דערביי האבן מיר אָן אופהער געגאָסן אין זיך ביר, ווייַן און ליקערן. יאָ, ניטאָ שוין מער דער אמתער קריגס־גייסט, ווי, פאַרצייטן. שדים וויסן, פאַרוואס דאס איז אזוי! קיין איין אַנעקדאָט ניט, רק אַלץ די זעלבע נודנע שמועסן אָן א סוף. איר הערט זיך נאָר צו, ווי מען רעדט דאָרט, אין עק טיש, וועגן אמעריקע.

פון צווייטן עק טיש האט זיך געלאָזט הערן א שטים:

— אמעריקע קאָן זיך ניט אריינמישן אין קריג. די באַציִאונגען צווישן איינגלאַנד און אמעריקע זיינען אָנגעצויגן ביז לעצט. אַמעריקע איז ניט צוגעגרייט צו מלחמה.

— אָך, האבן דאס די הערן רעזערוו־אָפיצערן ליב צו ריידן!

— האט פּולקאָווניק שרעדער זיך אָפּגעזופצט. — און וואָסער שוואַרץ־יאָר האט זיי דאס אהער פאַרטראָגן? נעכטן נאָך האט אזא פאַרשוין געקוועטשט דעם באַנק אין ערגעץ א קאָנטאָר אָדער געדרייט שקאַרמיצלעך און פאַרקויפט פעפער, צימרינג אָדער שוּוואַקס, אָדער דערציילט מעשיות די קינדער אין שול, ווי אזוי דער הונגער טרייבט ארוים וועלף פון וואַלד, און היינט וויל דער שוין זיין גלייך מיט אַקטיווע אָפיצערן, אלץ וויסן, אין אַלץ אריינשטעקן דעם נאָז. און אז עס קומט צו אונדז אָן אזא אָפיצער ווי לוקאַש, באַוויליקט ער ניט צו קומען אין אונדזער געזעלשאַפט.

איז פּולקאָווניק שרעדער אוועק אהיים שלעכט געשטימט, און אינדערפרי, אז ער איז אופגעשטאַנען, איז זיין שטימונג געווען נאָך אן ערגערע. די מעשה דערפון איז, וואס אין צייטונג, וואס ער האט געהאט א טבע צו לייענען אין בעט, האט ער עטלעכע מאָל באַגעגנט אין דעם אָפיציעלן באריכט פון קריגס־טעאַטער די

פראַזע: „אונדזער מיליטער איז אָפּגעפירט געוואָרן צו די פריערצוגעגרייטע פּאָזיציעס".

אונטער אַט דעם איינדרוק איז פּולקאָווניק שרעדער צוגעטראָטן אָפּצוריכטן די צערעמאָניע, וואָס דער פרייוויליקער האָט אָנגערופן „יום הדין".

שווייק און דער פרייוויליקער זיינען געשטאַנען אין הויף און האָבן געוואַרט אויפן פּולקאָווניק. די עלטסטע, דהיינו דער וואַךאָפיצער, דער אַדיוטאַנט פון פּולק און דער פעלדוועבל פון דער קאַנצעלאַריע מיט די פּאַפּירן פון די באַשולדיקטע, זיינען שוין געווען אויפן אָרט.

צולעצט האָט זיך באַוויזן דער פּולקאָווניק, פינצטער ווי אַ כמאַרע, באַגלייט פון קאַפּיטאַן זאַגנער, וואָס האָט נערוויז צוגעקלאַפּט מיטן עלעגאַנטן סטעק אויף די כאַלעוועס פון זיינע לאַנגע שטיוול.

בעתן אָפּנעמען דעם ראַפּאָרט איז ער עטלעכע מאָל אין טויט־שטילקייט זיך דורכגעגאַנגען פאַרביי שווייקן און דעם פרייוויליקן, וואָס האָבן געמאַכט „אויגן רעכטס" און „אויגן לינקס", געווענדט אָן דעם, אויף וואָסער פלאַנג עס האָט זיך געפונען דער פּולקאָווניק. זיי האָבן דאָס געטאָן מיט גרויס אימפּעט, אַזוי אַז זיי האָבן זיך שיער ניט אויסגעדרייט די העלדזער, וואָרום דאָס האָט געדויערט היפּש לאַנג.

דערנאָך איז דער פּולקאָווניק געבליבן שטיין נעבן פרייוויליקן, וואָס האָט ראַפּאָרטירט.

— פרייוויליקער דער און דער.

— איך ווייס שוין, — האָט דער פּולקאָווניק אַרויסגערעדט קורץ. — אַ חרפּה פאַר אַלע לייטישע פרייוויליקע. וואָס'ט איר געטאָן פריער? אַך אַזוי, אַ סטודענט? שטודירט קלאַסישע פילאָסאָפיע? הייסט דאָס, איר זייט אַ מין פאַרשיכורטער אינטעליגענט...

— הער קאַפּיטאַן, — האָט ער זיך געווענדט צו זאַגנערן — ברייינגט אַהער צו פירן די גאַנצע אָפיצערן־שול.

— גאַמירלעך, — האָט ער זיך ווידער געווענדט צום פרייוויליקן, — אַזאַ הער סטודענט פון קלאַסישער פילאָסאָפיע, וואָס

מיר האָבן זיך נאָר אָן אים איינצושמירן!.. אומדרייען זיך!... איך האָב לכתחילה געוווּסט, דער קנייטש פון מאנטל ניט אין אָרדענונג. אזוי ווי ער וואָלט געקומען אָקאָרשט פון ארומשלעפן זיך מיט מיידלעך. איך וועל זיך מיט אייך רעכענען אף אן אנדער אופן!

דערווייל איז געקומען אין הויף אריין די שול.

— אין קאַרע! — האָט דער פּאָלקאָווניק א קאָמאנדיר געטאָן. האָבן זיי ארומגערינגלט די צוויי פארשולדיקטע מיטן פּאָלקאָווניק אין א געשלאָסענעם קוואדראט.

— נאָט אייך, קלייבט נחת פון אָט דעם פּארשוין, — האָט דער פּאָלקאָווניק גענומען שרייען, טייטנדיק מיטן סטעק אפן פּריוויליקן. — ער האָט פארשכורט דעם כבוד פון די פּריוויליקע, וואָס פון זיי דאַרפן ארויסוואַקסן אָפיצערן, וואָס דאַרפן פירן זייערע מענטשן אפן שלאַכט-פעלד צו כבוד און נצחון. ווו אהין וואָלט געפירט זיינע מענטשן אָט דער דאזיקער זולל וסובא? פון שיינק ארויס, אין שיינק אריין. ער וואָלט געווען קאַפּאַבל אויסצולאָקען גאָר דעם ראָם, וואָס מען גיט ארויס די מענטשן לויט קאַרטלעך... איר קאָנט עפּעס זאָגן צו אייער פארענטפערונג? ניין! נאָט, קלייבט נחת פון אים. ער האָט אפילו ניט וואָס צו זאָגן אף פארענטפערן זיך, און דאָס שטודירט נאָך קלאַסישע פילאָסאָפיע. ס'איז באמת א קלאַסישער פאַל!

די לעצטע ווערטער האָט דער פּאָלקאָווניק ארויסגערעדט מיט א קוועטש און מיט האַרץ, און האָט אויסגעשפּיגן.

— א פיינער קלאַסישער פילאָסאָף, וואָס שכורערהייט ביינאַכט קלאַפּט ער אראָפּ ביי די הערן אָפיצערן די היטלען פון קאָפּ! א פיינער תכשיט! א גליק נאָך, וואָס דאָס איז געווען נאָר אן ארטילעריע-אָפיצער.

אין אָט די לעצטע ווערטער איז ארויסגעזאָגט געוואָרן די גאנצע שנאה פון 91-טן פּאָלק צו די ארטילעריסטן. אז אָך און אז ווינ איז געווען צו אן ארטילעריסט, וואָס פלעגט ביינאַכט ארייַנפאַלן אין די הענט פון א פּאַטרול פון פוסגייער-פּאָלק, און פאַרקערט! די שנאה איז געווען א ווילדע, ניט איינצוצאַמען, זי

איז איבערגעגעבן געוואָרן פון דור צו דור און איז געשפּייזט געוואָרן דורך מעשׂיות וועגן געשלעגן און בלוטיקע נקמה־אַקטן.

— פונדעסטוועגן, — האָט דער פּולקאָווניק ווייטער גע־רעדט, — פאַר אַזאַ מעשׂה קומט אַ שטראָף, אַז מען זאָל גע־דיינקען. דער דאָזיקער פאַרשוין מוז אויסגעשלאָסן ווערן פון אָפיצער־שול, מאָראַליש פאַרלענדט ווערן. געגנוג אַזעלכע אינטעלי־גענטן ביי אונדז אין אַרמיי שריפטפּירער!

איז דער פעלדוועבל פון דער פּולק־קאַנצעלאַריע מיט חשיבות אַרויסגעטראָטן, און אין האַנט האָט ער געהאַלטן פּאַפּיר און אַ בלייפעדער.

עס איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט, אַזוי ווי אין אַ געריכטס־זיצונג, ווען מען משפּט אַ מערדער, און דער פּאָרזיצער רופט אויס: „עס ווערט באַקאַנט געמאַכט דער פּסק־דין".

געענדיקט מיט אַזאַ שטים האָט אויך דער פּולקאָווניק געמאָלדן: „דעם פריוויליקן מאַרעק אַרעסטירן אויף צוואַנציק מעת־לעת אין שטרייגען קאַרצער, און אַז ער וועט אָפּקומען די שטראָף, באַ־שטימען אים אין קיך צו שיילן קאַרטאָפל".

דערנאָך האָט דער פּולקאָווניק אַ קאָמאַנדיר געטאָן דער שול זיך פונאַנדערצוגיין האָט מען געהערט, ווי די מענטשן האָבן זיך אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי און זיינען אַוועק. דערביי האָט דער פּולקאָווניק באַמערקט דעם קאַפּיטאַן זאַגנער, אַז די קאָמאַנדע איז אויסגעפירט געוואָרן ניט דייטלעך און אַז דער קאַ־פּיטאַן וועט נאָך מיטאָג מוזן לערנען זיי מאַרשירן.

— דעם פוס דאַרף מען שטעלן פעסטער, הער קאַפּיטאַן, אַז די ערד זאָל הילכן. יאָ, נאָך וואָס שיער ניט פאַרגעסן, זאָגט זיי, אַז די גאַנצע אָפיצער־שולע לאָז איך אויף פינף מעת־לעת אָן אורלאָפּ. זיי זאָלן אויף שטענדיק געדיינקען זייער געוועזענעם חבר, דעם דאָזיקן מנוול מאַרעק.

און דער מנוול מאַרעק איז זיך געשטאַנען נעבן שווייקן און האָט אויסגעזען זייער צופרידן. אויף קיין בעסערס האָט ער זיך גאָר ניט געקאָנט ריכטן. בלעבן, שיילן אין קיך קאַרטאָפלעס, קאָכן קניידלעך און שניידן פלייש איז טויזנט מאָל בעסער, איידער

מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פאר שרעק שרייען אונטערן שונאס אוי־ראגאן־פייער: „איבערלויפן צו איינעם! באגעטן!“

אז דער פולקאווניק שרעדער האט זיך אָפּגעקערט פון קאפּי־טאן זאגנער, האט ער זיך אָפּגעשטעלט פאר שווייקן און אויפ־מערקזאם אים באקוקט פון קאָפּ ביז די פיס. שווייק האט אין יע־נער מינוט געשיינט מיט זיין בעסטן שמייכל אף זיין ברייטער פיזיאָנאָמיע, מיט די גרויסע אויערן, וואס האבן ארויסגעשטארצט פון אונטער דעם היטל, וואס איז אים אראָפּגערוקט געווען ביז די אויגן. זיין גאנצער אויסזען האט געמאכט דעם איינדרוק פון אומשולדיק און בארוט. זיינע אויגן האבן אזוי ווי געפרעגט: „מיט וואָס קען איך דינען?“

און דער פולקאווניק האט זיין איינדרוק פאָרמולירט אין דער פראגע, וואס ער האט געשטעלט דעם פעלדוועבל פון דער פולק־קאנצעלאריע:

— א שוואכזיניקער?

און דאָ האט דער פולקאווניק דערזען, ווי אף אט דעם גוטמוטיקן פנים האט זיך געעפנט א מויל.

— איך האב דעם כבוד צו מעלדן, הער פולקאווניק, א שוואכזיניקער! — האט שווייק געענטפערט פארן פעלדוועבל.

האט דער פולקאווניק א ווונק געטאָן דעם אדיוטאנט און איז מיט אים אָפּגעגאנגען אָן א זייט. דערנאָך האבן זיי צוגערופן דעם פעלדוועבל און האבן גענומען דורכקוקן שווייקס פאפירן.

— אַך אזוי! — האט געזאגט דער פולקאָווניק. — איז דאס איז דאס דער באדינער פון לייטענאנט לוקאש, וואס איז, לויט זיין ראפּאָרט, געבליבן שטעקן אין טאבאָר. מיר דוכט, אז די הערן אָפיצערן וואָלטן אליין באדארפט דערציען זייערע דינערס. און אויב לייטענאנט לוקאש האט זיך אויסגעקליבן פאר א דינער אזא בפירושן אידיאָט, זאל ער זיך מיט אים אליין עסקן. צייט דערויף האט ער גענוג, וויבאלד ער גייט אין ערגעץ ניט. איר האט אים דאָך נאָך קיין מאָל ניט געזען אין אונדזער געזעל־שאפט? נו, אָט דאס איז די מעשה. בכן, האט ער גענוג צייט אויסצומוסטרעווען זיין דינער.

איז דער פּולקאָווניק צוגעגאַנגען צו שווייקן און האָט קוּ־
קנדיק אויף זיין תמעוואָטן פּנים געזאָגט:

— פּפּעפערדישער קאָפּ! דריי מעת לעת שטרייִנגען קאַרצער,
און אַז איר וועט אָפּזיצן, מעלדן זיך ביים לייטענאַנט לוקאַש.

אַזוי אַרום האָט שווייק אין קאַרצער זיך ווידער באַגעגנט
מיטן פרייִלעכן פרייוויליקן. און לייטענאַנט לוקאַש האָט געמעגט
קוועלן פון שמחה, אַז פּולקאָווניק שרעדער האָט אים אַרויסגע־
רופן און אָנגעזאָגט די בשורה:

— הער לייטענאַנט! אין ערך מיט אַ וואָך צוריק, אַז איר
זייט אָנגעקומען אין פּולק, האָט איר מיר אָנגעגעבן אַ ראַפּאָרט
וועגן באַשטימען אייך אַ דינער, ווייל אייער דינער איז אָפּגע־
שטאַנען פון אייך אויפן וואָקזאַל אין טאַבאָר. היות ווי ער איז גע־
קומען צוריק...

— הער פּולקאָווניק... — האָט לייטענאַנט לוקאַש זיך גענוּ־
מען בעטן.

— ...האָב איך באַשלאָסן, — האָט דער פּולקאָווניק ווייטער
גערעדט מיט אַ געהויבענער שטים, — אַריינזעצן אים אויף דריי
מעת־לעת, און דערנאָך אים באַלד אָפּשיקן צו אייך...

האָט לייטענאַנט לוקאַש זיך אַ שאָקל געטאָן, ווי מען וואָלט
אים דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאָפּ, און איז אַ פאַרכמורע־
טער אַרויס פון דער קאַנצעלאַריע.

* *

*

די דריי טעג, וואָס שווייק האָט פאַרבראַכט אין דער גע־
זעלשאַפט פון פרייוויליקן, האָט ער זיך זייער גוט געוויילט. אַלע
אָוונט פלעגן זיי מאַכן ביי זיך אויף די געלעגערס פּאַטריאָטישע
מאַניפעסטאַציעס. זיי פלעגן זינגען דעם הימן, זיי פלעגן זינגען
סאָלדאַטן־לידער אָן אַ צאָל. און דער פרייוויליקער האָט ניט אויפ־
געהערט צו רייצן זיך מיט זייער אויפזעער, דעם פּראָפאָס.

און אין דער זעלביקער צייט האט לייטענאנט לוקאש מיט שרעק געוואַרט דערויף, עס זאל זיך באוויזן פאר אים שווייק מיטן ראפּאָרט, אז ער מוז ווידער צו צו דינען ביי אים.

## 3.

# וואס האט געטראָפן מיט שווייקן אפן וועג קיין קיראַליבידע.

דעם 91-טן פוסגייער-פולק האט מען אריבערגעפירט קיין ברוק אף דער לייטע, קיין קיראַליבידע.

עס איז געווען גראָד יענעם טאג, ווען עס האבן זיך גע-ענדיקט די דריי מעת-לעת פון שווייקס ארעסט. אין דריי שעה ארום האט ער באדארפט ארויסגיין פריי. מען האט אים און דעם פרייוויליקן אָפּגעפירט אף דער הויפּטוואַך און פון דאָרט האט מען זיי מיט א פארשטאַרקטער שמירה אָפּגעפירט אפן וואקזאל.

ארום וואָקזאל האט זיך געהאט צונויפגעקליבן א גרויסער עולם פון בודווייסער תושבים אף ארויסצובאגלייטן דעם פולק. דער גאנצער פּלאַץ פארן וואקזאל איז געווען אנגעפּראָפּט מיט מענטשן, וואס האבן געוואַרט אף די סאָלדאטן.

שווייק האט זיך שטארק פארקוקט אפן עולם. ווי דער מנהג איז, האט מען די געשטראָפטע געפירט אפריער, און די איבעריקע סאלדאטן, די ערלעכע קריגסלייט, זיינען געגאנגען פון הינטן. מיט די ערלעכע קריגסלייט האט מען דערנאך אָנגעשטאָפּט די משא-וואגאָנעס, און שווייקן מיטן פרייוויליקן האט מען אריינ-געזעצט אין א באזונדער קלאַסן-וואגאן פאר ארעסטירטע, וואס אין די מיליטערישע צוגן טשעפּעט מען אים צו גלייך הינטער דעם שטאַב-וואגאָן. אין אזא ארעסטאנטן-וואגאָן איז שטענדיק פּלאַץ אריבער און אריבער.

שווייק האט זיך ניט געקאָנט איינהאלטן און האט א מאַך געטאן מיטן היטל צום פּובליקום און א געשריי געטאָן: „נאַ דאַר!" דאס האט אלעמען אזוי אָנגעכאַפּט, אז דער המון האט

געענטפערט אפן קול: „נאַ זדאַר!‟ דער דאזיקער אויסגעשריי האט זיך פארטראָגן ווייטער און האט זיך אוועקגעקייקלט ביזן וואקזאל, ווו מען האט גענומען שרייען: „זיי גייען, זיי גייען!‟

דער אָנפירער פון דער וואך, א קאפראל, איז געווארן צוטומלט און האט אָנגעשריען אף שוייקן, ער זאל זיך פאר־שטאָפּן דעם מויל. נאָר די גרים־רופן האבן זיך אויסגעשפרייט ארום, ווי א לאַווינע. האבן די זשאנדארן געפרווט אָפּצושטופּן דעם המון און אָפּרייניקן א וועג פאר דער וואך, נאר דער המון האט ניט אופגעהערט צו גוואלדעווען: „נאַ זדאַר!‟ און צו ווינקען מיט די היטלען.

דאס איז געווען די אמתע מאַניפעסטאַציע, פון די האָטעל־פענצטערן, וואס קעגנאיבער דעם וואקזאל, האבן דאמען געוווּנקען מיט טיכער און געשריען: „זשיוויאָ!‟ צו די געשרייען נאַ זדאַר!‟ האבן זיך אין המון צוגעמישט אויך אויסרופן זשיוויאָ!‟ און איינעם א היציקן פאַרשוין, וואס האט אויסגענוצט די געלעגנהייט א געשריי צו טאָן: „נידער די סערבן!‟ — האט מען אונטערגעשטעלט א פיסל, און אין דער שטופעניש, וואס מען האט אף־צו־פלייסנס געמאַכט ארום אים, האט מען אים בינו לבינו גוט אָנגעמקלט די ביינער.

און אזוי ווי אן עלעקטרישער פונק איז געלאָפן ווייטער: „זיי גייען, זיי גייען!‟

און זיי זיינען געקומען, און שוייק האט פון הינטער די באַגנעטן באגריסט דעם המון, און דער פרייווויליקער האט מיט אן ערנסטער מינע געהויבן די האנט צום דאַשעק.

אזוי זיינען זיי אריין אין וואקזאל און צוגעגאנגען צום צוג, וואס איז געשטאנען גרייט. דער אָרקעסטער פון שיסער־פולק, וואס זיין קאַפעלמייסטער איז אינגאנצן צעטומלט געווארן פון דער אומגעריכטער מאַניפעסטאַציע, האט שיער ניט אָנגעהויבן צו שפילן דעם הימן, נאר צום גליק האט זיך אין דער לעצטער מינוט באוויזן אין זיין שווארצן הארטן הוט פאַטער לאַצינאַ, עלטסטער פעלד־קוראַט פון דער 7־טער קאַוואַלעריע־דיוויזיע, און האט גע־נומען איינשטעלן אָרדענונג.

ווי אזוי קומט ער אהער, איז דאס זייער פשוט. ער איז געווען דער אמתער זולל וסובא. אלע אָפּיצער=קלובן האבן פאַר אים געציטערט. קיין בודוויים איז ער געקומען מיט א טאג פריער און האט זיך אזוי ווי ניט ווילנדיק געטראָפן אפן באַשיידענעם געזעגן=באַנקעט פון פולק. ער האט געגעסן און געטרונקען פאר צענען, און נאך מער ווייניקער ניכטער, איז ער אוועק אין קיך פון אפיצער=קלוב, בכדי ביי די קוכערס דארט עפעס נאך ארויס=צומאַנטאָטשען. אויסגעליידיקט נאך עטלעכע שיסלען מיט יויך און קאַרטאָפלעס און ארומגעגריזשעט די ביינער, ווי א הונט, האט ער געפונען אין קיך א פלעשל ראָם. האט ער אָפּגעטרונקען דערפון אזוי פיל, אז ער האט גענומען סלוקערצן און האט זיך דערנאָך אומגעקערט צוריק אין זאַל, ווו ער האט גענומען באַווייזן גבורות אין טרינקען. ער איז שוין געווען איין מאָל א מאַדים אף דעם געבוט, און די אָפּיצערן פון דער 7=טער קאוואלעריע=דיוויזיע האבן בסדר געדארפט דערצאָלן פאר אים. אינדערפרי האט זיך אים פלוצים פאַרוואָלט איינשטעלן אָרדענונג ביים אָפּפאָר פון פולק, און דערפאר האט ער זיך ארומגעפלאָנטערט אונטער די פיס און האט זיך אזוי געפירט, אז די אפיצערן, וואס האבן געמוזט אַכטונג געבן אף דעם ארייננזעצן זיך פון די סאָלדאטן, האבן זיך באַהאַלטן פאר אים אין קאָנטאָר פון דעם סטאנציע=שעף.

אָט פאר וואס ער האט זיך דאס באוויזן אפן פעראָן און האט באַצייטנס ארויסגעכאַפּט דאס שטעקעלע ביים קאַפּעלמייסטער פון די שיסערס, וואס האט שוין געוואָלט אָנהויבן שפילן דעם הימן.

— האלט! — האט ער א הוקע געטאָן. — נאך פריי! שפילן, ווען איך וועל געבן א סיגנאל. און דעמאָלט — פריי! איך וועל נאָך קומען אהער.

ער איז פאַרשוואונדן אין בנין פון וואָקזאַל, און דערנאָך האט ער זיך גענומען נאָכיאָגן די וואך און אָפּגעשטעלט זי מיט א הויכן: „האַלט!“

— ווהין? — האט ער א פרעג געטאָן שטריינג דעם קאַפּ=

ראַל, וואָס האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן אין אָט דער נייער לאַגע.

אָנשטאָט אים האָט שווייק גוטמוטיק געענטפערט:

— מען פירט אונדז קיין ברוק, הער פעלדקוראַט. אויב איך איז וויל געפעלן, מעגט איר פאָרן מיט אונדז.

— דאָס וועל איך טאַקע טאָן, — האָט יענער געזאָגט, און געווענדט זיך צו דער וואַך, האָט מוסיף געווען: — ווער זאָגט דאָס, אַז איך טאָר ניט? פאָרויס מאַרש!

אַרייַנגעקומען אין אַרעסטאַנטן־וואַגאָן, האָט דער פעלדקוראַט זיך צעלייגט אַפן באַנק. שווייק, די גוטע נשמה, האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל און אונטערגעלייגט דעם פעלדקוראַט אונטערן קאָפּ, און דער פרייוויליקער האָט, צו דער שרעק פון קאַפּראַל, שטילערהייט באַמערקט:

— אופּפּאַסן דעם אויבער־פעלדקוראַט.

פאַטער לוצינאַ, צעלייגט זיך ברייטלען אַפן באַנק, האָט גענומען ערציילן:

— ראַגו מיט שוועמלעך, מייַנע הערן, איז אַלץ געשמאַקער, וואָס מער שוועמלעך דערין איז פאַראַן, נאָר די שוועמלעך באַדאַרף מען צוערשט אייַנפּרעגלען מיט ציבעלעס, און דערנאָך צולייגן לאָרבערבלעטער, און די ציבעלעס...

— ציבעלעס האָט מיר באַוויליקט אַרייַנצולייגן פון אָנהויב אָן, — האָט דער פרייוויליקער העפלעך אַרייַנגעשטעלט אַ וואָרט.

דער קאַפּראַל, וואָס פאַר אים איז פאַטער לוצינאַ, הגם ער איז געווען שכּור, דאָך געווען אַן עלטסטער, האָט געקוקט אויף אים מיט יאוש אין בליק. זיין לאַגע איז אינדעראמתן געווען אַ יאושדיקע.

כלעבן, — האָט זיך אָפּגערופן שווייק, — דער הער פעלדקוראַט איז דורכאויס גערעכט. וואָס מער ציבעלע, אַלץ בעסער. אין פּאַטאָמעריץ איז געווען אַ ביר־ברויער, פלעגט ער אַפילו אין ביר אַרייַנלייגן ציבעלע, וואָרום ציבעלע רייצט דעם דאָרשט. ציבעלע איז בכלל אַ זייער נוציקע זאַך. ציבעלע לייגט מען צו אַפילו צו הינער אויגן...

בינתים האט פּאַטער לאַצינאַ ניט אופגעהערט צו ריידן
פאַר זיך, אזוי ווי פון שלאָף:

— אַלץ איז געווענדט אין געווירץ, דשין, וואסערע געווירצן
מען לייגט אריין און וויפיל. מען טאָר קיין זאַך ניט איבערזאַלצן
אָדער איבערפעפערן.

אלץ פּאַמעלעכער און אלץ שטילער האט ער געמורמלט:
— אי=בער = נע=גע=לע=חען, אי=בער = ציט=רי=נע=ווען, אי=בער=
אינג=בע=רע=ווען, אי=בער=מוש=קאַט...

ער האט ניט דערערדט און איז אנטשלאָפן געוואָרן, אונ=
טערפּייפנדיק ווילעוויז מיטן נאָז, ווען ער פלעגט פון צייט צו
צייט אופהערן צו כראָפּען.

דער קאַפּראַל האט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט
און די וואַך = סאָלדאטן פון זייערע ביינקלעך האבן שטילערהייט
צוגעשמייכלט.

— דער'ט זיך ניט אזוי גיך אויסטשוכען, — האט שווייק
א זאָג געטאָן, — ער איז דאך טויט=שיכור.

— אלץ איינס, — האט שווייק ווייטער געזאָגט, אז דער
קאַפּראַל האט אים א ווונק געגעבן צו שווייגן. — דאָ'סטו שוין
גאָרנישט פועלן. ער איז שיכור, כדאיבעי, ווי עס געהער צו זיין.
ער איז דאָך אין ראַנג פון א קאַפּיטאַן. נו יאָ, אָט די אלע
פעלדקוראַטן, מיט א ראַנג העכער, צי מיט א ראַנג נידעריקער,
אלע פאַרמאָגן זיי שוין אַזאַ טאַלענט: ביי איטלעכער געלעגנהייט
פרעסן זיי זיך אָן און זויפן זיך אָן ביז צום פּלאַצן. איך האב
אליין געדינט ביים פעלד=קוראַט קאַץ, יענער איז קאַפּאַבל געווען
צו פאַרשיכורן דעם קאָפּ פון די פּלייצעס. און וואס דער=אָ גיט
אָן, איז נאָך א גאָרנישט קעגן דעם, וואס יענער פלעגט אָפּ=
אַרבעטן...

און שווייק איז צוגעגאַנגען צו פּאַטער לאַצינאַ, האט אים
איבערגעקערט מיטן פּנים צום לען און האט מעשה = מבין א זאָג
געטאָן:

— ביז ברוק וועט ער שוין אין יעדן פאַל פּאָפּן.

דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט אַף זיין אָרט דער אומ־גליקלעכער קאַפּראַל, וואָס האָט אים באַגלייט מיט יאוש אין בליק, האָט ציטעריק באַמערקט:

— אפשר זאָל איך בעסער מעלדן וועגן אים?

— לאָזט צורו, — האָט דער פּריוואַליקער זיך אָפּגערופן — איר זייט דאָך דער שעף פון דער וואַך. האָט איר קיין רעכט ניט אָפּצוטרעטן פון אונדז. לויטן סטאַטוט האָט איר קיין רעכט ניט צו שיקן מיט א מעלדונג עמיצן פון די וואַך־סאָלדאַטן, ביז מען וועט אייך ניט פאַרבייטן, איר זעט, אין אופגאַבע ניט פון די גרינגע. געבן א סיגנאַל, אויסשיסן אינדערלופטן טאָר מען אויך ניט, ווארום דאָ איז קיין זאַך ניט געשען. פון דער אַנדער זייט, איז דער סדר, אז אין אַרעסטאַנטן־וואַגאָן טאָר זיך קיינער ניט געפינען, חוץ די אַרעסטירטע און דער וואַך. זייטיקע מענטשן איז דער אריינגאַנג פאַרבאָטן. פאַררייבן די גאַנצע מעשה אַף אזא אופן, אז איר זאָלט ארויסוואַרפן דעם פעלד־קוראַט פון וואַגאָן, בעת דער צוג גייט, — דאָס קאָנט איר אויך ניט טאָן, ווארום דאָ זיינען פאַראַן עדות, וואָס האָבן געזען, ווי איר האָט אים אריינגע־לאָזן אין וואַגאָן, ווו עס איז גאר ניט זיין אָרט. דאָס אַלץ שמעקט זייער שטאַרק מיט אראָפּזעצונג, הער קאַפּראַל.

האָט דער קאַפּראַל א מבולבלער זיך פאַרענטפערט, אז ער האָט דעם פעלד־קוראַט אין וואַגאָן ניט אריינגעלאָזן, אז יענער איז אליין צוגעשטאַנען, און אז דער פעלד־קוראַט איז לגבי אים, דעם קאַפּראַל, אן עלטסטער.

— דאָ זייט איר דער איינציקער עלטסטער, — האָט דער פּריוואַליקער דערקלערט פעסט.

— אפילו ווען צו אונדז וואָלט געוואָלט צושטיין זיין מאַ־יעסטעט אונדזער קיסר, — האָט שווייק אונטערגעהאַלטן, — וואָלט איר אויך קיין רעכט ניט געהאַט אים צו דערלויבן דאָס. דאָס איז דאָס נעמלעכע ווי מיט דעם וואַך־סאָלדאַט, ווען עס קומט צו אזא פריש־געבאַקענעם סאָלדאַטל דער אפיצער אַף אויסצופּרווון אים

אין בעטאים, ער זאָל לויפן נאָך א פעקל פּאַפּיראָסן, און יענער שוטה פרעגט נאָך, וואָסער סאָרט זאָל ער ברענגען, פאַר אַזעלכע מעשים טובים קומט אַרײַנזעצן אין פעסטונג.

האט דער קאַפּראַל ניט־דרייסט אָפּגעשלאָגן, אז גראָד שווייק האט דער ערשטער געזאָגט דעם פעל־קוראַט, אז ער מעג פאָרן צוזאַמען מיט זיי.

— איך מעג זיך דאָס גראָד דערלויבן, הער קאַפּראַל, — האט געענטפערט שווייק, — ווייל איך בין א שוואַכזיניקער, נאָר פון אייך האט זיך שוין קיינער ניט געריכט אף דעם.

— שוין לאַנג זייט איר אין אַקטיוון דינסט? — האט א פרעג געטאָן דער פריווויליקער ביים קאַפּראַל אזוי ווי אגב אורחא.

— דאָס דריטע יאָר. איצטיקן וועט מען מיך דערהויבן צו א סערזשאַנט.

— נו, דערוף מעגט איר שוין שטעלן א צלם! — האט דער פריווויליקער געזאָגט ציניש. — ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, דאָס אַלץ שמעקט גיכער מיט אַראָפּזעצן.

— עך, א נפקא מיניה א גרויסע, — האט באַמערקט שווייק, — צי מען פאַלט אין ראַנג פון אן אונטער־אָפיציר צי ווי א פּראָסטער סאָלדאַט! יאָ, נאָר דאָס איז אמת, איך האָב געהערט, אז זיי שטעלן די אַראָפּגעזעצטע אין די ערשטע רייען.

דער פעלד־קוראַט האט זיך א ריר געטאָן.

— אַט א פאָפּן, — האט שווייק געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האט זיך איינגעקוקט און זיך איבערצייגט, אז מיטן פעלד־קוראַט איז אַלץ בשורה. — איצטער חלומט זיך אים אודאי פרעסעכץ. איך האָב נאָר איין זאָך מורא, ער זאָל דאָ ביי אונדז... עפּעס ניט אָפּטאָן. מיין פעלד־קוראַט האט אויך געהאט א טבע, אז ער פלעגט זיך אָנשיכורן, פלעגט ער אין שלאָף ניט באַמערקן... איין מאָל...

און דא האט שווייק אָנגעהויבן צו דערציילן מיט אַלע פרטים אַלע זיינע טרעפענישן מיטן פעלד־קוראַט, אזוי אז זיי האבן גאָר ניט באַמערקט, ווי דער צוג האט זיך גערירט.

מער ניט א ווילדער געשריי פון שכנישן וואַגאָן האט אי־בערגעהאַקט שווייקס דערציילונג. די צוועלפטע ראָטע, וואָס איז

באשטאנען כמעט אינגאנצן פון דייטשן, האט מיט אלע כחות געריסן זיך די העלדזער, געזונגען דייטשע לידער מיט ווילדן הוקען און פייפן.

— א מאָדנע זאך, האט זיך דער פרייוויליקער געווענדט צום קאפראל, — וואס ביי אונדז איז נאך ניט געווען קיין קאָנט־ראָל. לויטן סטאטוט האט איר באדארפט באלד אפן וואקזאל אונדז איבערגעבן אין רשות פון קאָמענדאנט פון צוג, און ניט ארומדרייען זיך מיט עפעס א שיכורן פעלד־קוראט.

דער אומגליקלעכער קאפראל האט פארביסן געשוויגן און מיט עקשנות ארויסגעקוקט אף די טעלעגראף־סלופעס, וואס זיינען געפלויגן אנטקעגן צוג.

— ווען איך טו נאָר א קלער, — האט דער פרייוויליקער ניט אופגעהערט צו רייצן זיך, — אז מען האט אונדז קיינעם ניט אי־בערגעגעבן און אז אף דער נאָענטסטער סטאנציע וועט צו אונדז אין וואגאָן ניט אנדערש אריינקומען דער קאָנטראָל, דעמאָלט הויבט מיין סאָלדאטיש בלוט אין מיר אָן צו זידן. מיר זיינען דאָך ווי עפעס...

— ציגיינער, — האט אונטערגעכאפט שווייק, — אָדער בראָדיאגעס. מיר דוכט זיך אַלץ, אז מיר דארפן מורא האבן פאר דער ליכטיקער שיין, און מיר טאָרן אין ערגעץ זיך ניט אריינזעצן אין חד־גדיא.

— חוץ דעם, — האט דער פרייוויליקער געזאָגט, — מוז מען ביים אריבערפירן ארעסטירטע מיליטער־ליט אין אייזנבאן אָפּהיטן, לויט דער פאראָרדענונג פון 21, נאָוועמבער 1879, אזעלכע כללים: ערשטנס, מוז דער ארעסטאנטן־וואגאָן האבן גראטעס. דאס איז קלאר ווי דער טאָג, און אונדזער פאל איז דאס אָפּגעהיט. מיר זיינען ארומגעצאמט מיט גראטעס ארום און ארום. דאס איז, הייסט דאס, אין אָרדענונג. צווייטנס, מוז, לויט א הוספה־באפעל פון זעלביקן דאטום, אין ארעסטאנטן־וואגאָן זיין א טואלעט. אויב דאס איז נימאָ, מוז דער וואגאָן האבן א פארמאכטע כלי אף צו באנוצן פאר די ארעסטירטע און פאר די וואך־סאָלדאטן. אין אונדזער פאל קאָן מען בעצם ניט ריידן וועגן אן ארעסטאנטן־

וואַגאָן, ווו עס האָט באַדאַרפט זיין א טואַלעט. מיר געפינען זיך אין א באַזונדער קופּע, אָפּגעשיידט פון גאָר דער וועלט. דאָ אין אויך ניטאָ קיין כּלי...

— איר קאָנט מאַכן דורכן פענצטער, — האָט דער קאַפּראַל באַמערקט א פּאַריאַושטער.

— נאָר איר פאַרגעסט, אז אַרעסטירטע האָבן קיין רעכט ניט צוצוגיין צום פענצטער, — האָט שוועיק אָפּגעפרעגט.

— און צולעצט, דריטנס, — האָט דער פּריוויליקער ווייטער געטענעט, — באַדאַרף דאָרט זיין א כּלי מיט וואַסער צום טרינקען. נאָר וועגן דעם האָט איר ניט באַוויליקט א טראַכט צו טאָן... אגב! איז אייך באַוווסט אף וואָסער סטאַנציע מען וועט טיילן פּראָוויזיע? ניט באַוווסט? איך האָב טאַקע געוווסט אזוי, אז איר וועט זיך ניט מטריח זיין נאָכצופרעגן זיך...

— ווערליק איר זעט, הער קאַפּראַל, — האָט זיך אריינגע-מישט שוועיק, — איז דאָס גאָר ניט אזוי פּשוט צו באַגלייטן ארעס-טירטע. מען מוז וועגן אונדז זאָרגן, ווייל מיר זיינען ניט קיין פּראָסטע סאָלדאַטן, וואָס זיינען מחויב צו זאָרגן פאַר זיך. אונדז מוז מען אַלץ דערלאַנגען און אַלץ געבן צו דער האַנט, ווייל דערוף זיינען פאַראַן פאַרשיידענע אַרטיקלען און פּונקטן, וואָס מען דאַרף זיי אָפּהיטן און טאָן לויט זיי. זיסט וואָס וואָלט דאָס געווען פאַר א סדר? „אַן ארעסטירטער מענטש איז אַלץ איינס ווי א קליין קינד אין וויגעלע", פלעגט זאָגן מיינער א באַקאַנטער ארומ-גייער. „מען מוז זיך מיט אים ארומהאָצקען, ער זאָל זיך ניט אופּרעקן, ער זאָל זיין צופרידן מיט אַלץ, מען זאָל אים נעבעך ניט פאַרטשעפּען".

— אגב, — האָט שוועיק אין א ווײַלע ארום מוסיף געווען קוקנדיק מעשה גוט-פריינט אפן קאַפּראַל, — זייט אזוי גוט מיר צו זאָגן, ווען עס וועט זיין עלף אזייגער.

האָט דער קאַפּראַל א קוק געטאָן אף שוועיקן מיט א שאלה-פּנים

— איר האָט אזוי ווי מיך פרעגן געוואָלט, הער קאַפּראַל, פּאַרוואָס עפּעס באַדאַרפט איר מיר אָנזאָגן, ווען עס וועט זיין עלף? די מעשה דערפון איז, וואס פון עלף אזייגער אָן דאַרף איך שוין זיין אין א משא־וואַגאָן, הער קאַפּראַל, — האָט שוויק גע־זאָגט מיט א קוועטש און האָט מיט א פייערלעכער שטים ווי־טער גערעדט: — איך בין לויטן באַפעל פאַרן פולק אריינגעזעצט געווארן אף דריי מעת־לעת. איך האָב אָנגעהויבן אָפּקומען מיין שטראָף עלף אזייגער אינדערפרי און היינט עלף אינדערפרי דאַרף איך ווערן באַפרייט. פון עלף האָב איך דאָ מער ניט וואָס צו טאָן. קיין סאָלדאט טאָר ניט פאַרהאַלטן ווערן אין ארעסט לייגנער ווי די צייט וואס עס איז אים באשטימט געוואָרן, ווארום אין מיליטער־דינסט איז דיסציפּלין און אָרדענונג איבער אלץ, הער קאַפּראַל.

נאָך אָט דעם קלאַפּ האָט דער אומגליקלעכער קאַפּראַל ניט געקאָנט קומען צו זיך. צולעצט האָט ער זיך פאַרענטפערט, אז ער האָט ניט געקראָגן די געהעריקע פּאַפּירן.

מיין טייערער הער קאַפּראַל,— האָט באַמערקט דער פּרייווי־ליקער זיס,— פּאַפּירן גייען ניט אליין צום וואַך־עלטסטן. נאָר אויב דער באַרג גייט ניט צו מאַחמעדן, גייט מאַחמעד צום באַרג, און דער וואַך־עלטסטער מוז אליין גיין נאָך די פּאַפּירן. איר טוט נאָר א קוק, וואס פאַר א לאגע עס האָט זיך געשאַפן. קיין ספק ניט, אז איר האָט קיין רעכט ניט צו פאַרהאַלטן א מענטשן, וואס מוז ארויסגיין פריי. פון דער אנדער זייט, טאָר לויט די גילטיקע כללים קיינער ניט ארויסגעלאָזט ווערן פון ארעסטאַנטן־וואַגאָן. איך וויים, כלעבן, ניט, ווי איר וועט דאָ ארויסגיין פון דער דאָזיקער לאגע. און וואס ווייטער — אלץ ערגער. איצטער איז דאך שוין כמעט האלב עלף.

דער פּרייוויליקער האָט צוריק אריינגעלייגט דעם זייגער אין קעשענע.

— מיר איז ביז גאָר טשיקאַווע צו וויסן, וואס וועט איר, הער קאַפּראַל, טאָן אין א האַלב־שעה ארום.

— אין א האלב־שעה ארום דארף איך על פי געזעץ זיין אין א משא־וואַגאָן, — האט שוויק איבערגעחזרט פארחלומט.

— אויב אייך איז וויל געפעלן, — האט זיך צו אים גע־ווענדט דער צוטומלטער און מבולבלער קאפראל, — דוכט מיר, אז אייך וועט דאָ זיין א סך רואיקער, איידער אין א משא־וואַגאָן. מיר דוכט, אז...

אים אין די רייד האט זיך אריינגעריסן א געשריי, וואס עס האט ארויסגעלאָזן פון שלאָף דער פעלד־קוראַט:

— מער סאָוס!

— גוט שוין, גוט, שלאָף, — האט שוויק ארויסגערעדט גוט־מוטיק און אונטערגערוקט דעם פעלד־קוראַט אונטערן קאָפּ די פּאָלע פון מאַנטל, וואס האט זיך געהאט אראָפּגעלאָזן אפן דיל. — שלאָף, און זאָל זיך דיר ווייטער אויך חלומען פרעסעכץ.

און דער פרייוויליקער האט צוגעזונגען:

„שלאָף מיין קרוין, מיין נחת שיינער.
אליע־ליולע־ליו...“

דער אומגליקלעכער קאַפּראַל האט שוין מער אף קיין זאַך נית רעאַגירט. ער האט טעמפּ ארויסגעקוקט דורכן פענצטער און האט שוין געלאָזט גיין אין וואַגאָן, ווי עס גייט...

און דער פרייוויליקער האט זיך אוועקגעלאָזט דערציילן א לאַנגע מעשה מיטן זשורנאַל „בעלי־חיים־וועלט“, וואס קיינער פון די וואס זיינען געזעסן אין וואגאָן, האבן קיין איין וואָרט נית פארשטאַנען דערין...

פלוציים האט דער פעלדקוראַט זיך אראָפּגעקייקלט פון בּיינקל און איז געבליבן ליגן שלאָפנדיק אפן דיל. דער קאפראל האט אָנגעשטעלט אף אים א פּאָר שוטהוואַטע אויגן, דערנאָך האט ער גענומען, בּיי טויט־שטילקייט, איינער אליין, אָן עמיצנס הילף, און האט אים אופגעהויבן און ווידער אוועקגעלייגט אפן באַנק. ס'איז קענטיק געווען, אז ער האט פארלאָרן יעטווידער אוטאָריטעט, און קיין איינער פון די וואַך־סאלדאַטן האָט אפילו נית געקלערט זיך אַ ריר צו טאָן, בעת ער האָט מיט אַ שוואַכער, פאַרלאָרענער שטים אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט געמעגט מיר העלפן, חברה.

איר האָט אים באַדאַרפט לאָזן פּאָפן דאָרט, ווו ער איז געלעגן,—האָט זיך אָפּגערופן שווייק פאַר די וואַך-סאָלדאַטן.—איך פלעג מיט מיין פעלדקוראַט אויך אזוי טאָן. איין מאָל איז ער ביי מיר אָפּגעשלאָפן א גאַנצע נאַכט אין בית-הכסא, אַן אנדער מאָל האָט ער געכראָפּעט אפן קאָמאָד אדער אין א מולטער אין א פרעמדער וווינונג אָדער מי יודע ווו נאָך.

דער קאַפּראַל האָט מיט אַמאָל דערשפּירט אין זיך א גבורה און ער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז דער בעל-הבית. ער האָט גראָב א געשריי געטאָן:

— פאַרשטאָפּט אייער שפּיי-קעסטל און באַלבעט ניט וואָס ניט געשטויגן! ס'ט נאָך אויסגעפעלט אַז איטלעכער שוואַרץ-יאָר זאָל מיר מאַכן זיינע באַמערקונגען. עיפּוש אזעלכער!

— גאַנץ ריכטיק, הער קאַפּראַל, און איר זייט ממש א גאָט!

— האָט געענטפערט שווייק מיט דער גלייכגילטיגקייט פון א פי-לאָסאָף, וואָס וואָלט געוואָלט איינשטעלן שלום אין גאָר דער וועלט, נאָר דערביי לאָזט ער זיך אריין אין די שאַרפסטע ויכוחים. — איר זייט די טרויערנדיקע מוטער גאָטס.

— אָ גאָט! — האָט אויסגערופן דער פרייוויליקער, צונויפ-געלייגט די הענט ווי צו א תפלה. — טו אריין אין אונדזערע הערצער הכנעה און ליבשאַפט צו אַלע אונדזערע עלטסטע, מיר זאָלן אף זיי ניט קוקן מיט עקל. בענטש אונדזער צוזאַמען-זיין אין דעם דאָזיקן געפענגעניש אף רעדער.

דער קאַפּראַל איז רויט געוואָרן ווי צונטער און איז אופּ-געשפּרונגען אף די פיס.

— איך בעט מיר ניט צו מאַכן קיין באַמערקונגען, איר דאָרט, פרייוויליקער! איר הערט?

— איר האָט דערצו קיין שייכות ניט, — האָט יענער גע-רעדט ווייטער מיט א טאָן פאַר איבערבעטן. — די נאַטור האָט באַוועלט אין שכל אַסך מינים און סאָרטן לעבעדיקע באַשעפענישן. אייך האָט זיך מסתמא געטראָפן צו האָרכן וועגן נאַרישקייט פון מענטשן? וואָלט דען פאַר אייך אליין ניט בעסער געווען, ווען איר

וואָלט געבאָרן געוואָרן אַן אַנדער זויגער און וואָלט ניט געטראָגן דעם אידיאָטישן רוף־נאָמען „מענטיש" און ניט געווען קיין קאַפּראַל? ס'איז אַ גרויסער טעות, אויב איר מיינט, אַז איר זייט דאָס בשלמותדיקסטע אַנטוויקלסטע פון אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן. טרענט נאָר אַראָפּ אייערע שטערנדלעך, וועט איר זיין אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, וואָס אַזעלכע הרגעט מען אויס אָן אַ צאָל אין די טראַנשייעס און אויף אַלע פראָנטן. און ווען מען וועט אייך צוהעפטן נאָך אַ שטערנדל און מאַכן אייך צו אַזאַ פּאַרשוין, וואָס סאָלדאַטן רופן אויף זייער לשון „חזיר", אפילו דעמאָלט וועט נאָך אייך ניט זיין מיט אייך כשורה. אייער גייסטיקער זעקרייז וועט נאָך ווערן איינגער, און אויב איר וועט ערגעץ ווו אויפן שלאַכטפעלד אַוועקלייגן אייער קולטורעל ניט אַנטוויקלטן קאָפּ, וועט אין גאַנץ אייראָפּע קיינער אייך ניט באַוויינען.

— איך וועל אייך אַריינזעצן אין קאַרצער! — האָט אויסגעשריען דער קאַפּראַל, צערייצט ווי אַ אינדיק.

— איר ווילט, אַ פּנים, מיך אַריינשיקן אין קאַרצער, — האָט דער פרייוויליקער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, — ווייל איך האָב אייך באַליידיקט? אָבער איר וואָלט געזאָגט אַ ליגן, וואָרום אייער גייסטיקער פאַרמאָג קען בכלל ניט זיין קיין אָביעקט פאַר באַליידיקונג. און חוץ דעם בין איך גרייט צו וועטן זיך אויף וואָס איר ווילט, אַז איר האָט בכלל גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען און קיין זאַך ניט פאַרגעדיינקט פון אונדזער גאַנצן שמועס. למשל, אויב איך וואָלט אייך געזאָגט, אַז איר זייט אַן עמבריאָן, וואָלט איר דאָס פאַרגעסן לאַ די וואָס פריער, איידער מיר וואָלטן אָנגעקומען אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע, נאָר אַפילו פריער, איידער פאַרביי אונדז וואָלט פאַרביי געשוועבט דער נאָענטסטער טעלעגראַף־סלופּ. איר זייט דאָך אַ פולקומער דעגענעראַט. איך קען זיך בכלל ניט פאָרשטעלן, איר זאָלט זיין בכח איבערצוגעבן מער ווייניקער געבונדן עפּעס וואָס פון דעם, וואָס איך האָב דאָ גערעדט. און סוף כל סוף, קאָנט איר פרעגן וועמען איר ווילט, צי איז געווען אין מיינע ווערטער אַפילו די קלענסטע אָנצוהערעניש אויף די

באַגרעניצטקייט פון אייער שכל און צי האָב איך אייך מיט וואָס באַליידיקט.

— אודאי, — האָט באַשטעטיקט שווייק, קיינער האָט אייך דאָ ניט געזאָגט קיין וואָרט, וואָס האָט געקאָנט אייך אויסווייזן ווי אַ באַליידיקונג. און ווייסט איר וואָס איך וועל אייך זאָגן: אַלע מאָל קומט ארויס ניט גוט, ווען עמיצער האָט גרינג פאַריבל: אָט בין איך איין מאָל געזעסן אין קאַפּיי „טונעל" און מיר האָבן געשמועסט פון אָראַנג-אוטאַנגן. איז דאָרט געווען מיט אונדז איינער אַ מאַטראָס, וואָס האָט אונדז דערציילט, אַז אַן אָראַנג-אוטאַנג איז אָפּטמאָלס ניט צו אונטערשיידן פון אַ וואָסער באַבאָרדעטן, וואָרום אַן אָראַנג-אוטאַנג איז אַזוי באַוואַקסן מיט האָר, אַזוי ווי . . . „איך באַפּ אייך אָן, — זאָגט ער, — ווי אָט יענער הער דאָרט ביים שכנישן טישל". מיר, נאַטירלעך, האָבן זיך אַלע אומגעקוקט, און אָט דער הער מיט דער באָרד איז זיך אויפגעשטאַנען און צו צו אונדזער מאַטראָס און—אַפּלעם אים איבערן נאָז, און יענער אים מיטן גאַנצן כח אַ זעץ מיט אַ ביר-פלאַש איבערן שאַרבן, און דער הער מיטן באָרד איז אַנידערגעפאַלן און געבליבן ליגן. מיטן מאַטראָס האָבן מיר געמוזט זיך געזעגענען, וואָרום ער האָט זיך באַלד אָפּגעטראָגן, ווייבאַלד ער האָט דערזען, אַז ער האָט עפּעס עמיצן ווי צוגעהרגעט. מילא בקיצור, מיר האָבן יענעם הערן אָפּגעמינטערט. הגם גלייכער וואָלט געווען, אַז מיר טוען דאָס ניט, וואָרום ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגעטשוכעט, האָט ער אַרויסגערופן פּאָליציי, און מען האָט אונדז אַלעמען, וואָס זיינען געווען אַ צענטע ראָד אין וואָגן, אָפּגעפירט אין קאָמיסאַריאַט. דאָרט האָט ער געהאַלטן אַלץ אין איין טענען, אַז מיר האָבן אים אָנגערופן אָראַנג-אוטאַנג און אַז מיר האָבן וועגן קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט, ווי פון אים. און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. און מיר — אַז ניט, אַז ער איז ניט קיין אָראַנג-אוטאַנג. און ער — אַז יאָ, אַז ער האָט דאָס אַליין געהערט. דעמאָלט האָב איך געבעטן דעם קאָמיסאַר, ער זאָל אים אויסטייטשען. האָט יענער אים אויסגעטייטשט אַלץ מיט גוטן, נאָר יענער הער האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן און האָט געזאָגט דעם קאָמיסאַר, אַז ער קאָן דאָס אַלץ

ניט פאַרשטיין און אַז דער העך קאָמיסאַר איז מסתמא יד אחת מיט אונדז, אָט דעמאָלט האָט דער העך קאָמיסאַר געהייסן אים אַריינזעצן אין קאַרצער, ער זאָל זיך אויסניכטערן, און מיר האָבן שוין געוואָלט אומקערן זיך צוריק אין „טונעלי”, נאָר שאַ, וואַרט אַ ווײַלע: מען האָט אונדז אויך געהייסן אַוועקזעצן הינטער די גראַטקעלעך. אָט אַזוי זעט איר, העך קאַפּראַל, אַז פון אַ קליינעם בּרעקעלע טעותל קען אַרויסקומען אַזאַ שפּיל, אַז איר וועט האָבּן צו זינגען און צו זאָגן. ווידער אַמאָל, איז זיך געווען אין שײַבּאַ אַ בּירגער האָט ער פאַריבּל געהאַט, אַז מען האָט אים אין דייטשבּראָד געזאָגט, אַז ער איז אַ בּרילן־שלאַנג ווינציק פאַראַן ווערטער, וואָס פאַר זיי קומט קיין שום שטראָף ניט! אַשטייגער, ווען מיר וואָלטן צו אייך געזאָגט, אַז איר זייט אַ קאַנצעלאַריע־שטשור צי וואָלט איר געקאָנט בּרוגז ווערן אף אונדז דערפאַר?

— פון כּעס האָט דער קאַפּראַל אַ גרילץ געטאָן. מען האָט ניט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט זיך צעבּרומט. פאַרדראָס, רציחה, יאוש — דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ ריי שאַרפע קלאַנגען, און אָט דער קאָנצערט־נומער איז געוואָרן בּאַגלייט פון פייף וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזט פון די פולע נאָזלעכער דער פעלד־קוראַט.

מיטן גרילץ האָט זיך די ענערגיע בּיים קאַפּראַל אויסגעלאָזט. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אפן בּיינקל און זײַנע העלבּלאָע, וואַסערדיקע אויגן האָט ער געלאָזט קוקן אין דער ווייט, אַף די בּערג און וועלדער.

— העך קאַפּראַל, — האָט זיך געווענדט צו אים דער פרייוויליקער, — איצט, אַז איר קוקט אַזוי אַף די הויכע בּערג און רוישיגע וועלדער, דערמאָנט איר די געשטאַלט פונם גרויסן דאַנטע. די זעלבּיקע איידעלע צורה, וואָס בּיים גרויסן פּאָעט, וואָס איז געווען אַ מענטש פון אַ צאַרטער נשמה און געהויבּענעם גײַסט, וואָס אַלע גוטע מדות לעבּן אין אים. איך בּעט אייך, בּלײַבּט זיצן אין אָט דער פּאָזע, זי שטייט אייך אַזוי. ווי פאַרגײַסטיקט, ניט געהנדלט און אומגעצוווּנגען איר האָט אויסגעגלאָצט די אויגן אפן אַרומיקן לאַנדשאַפט. איר שטעלט זיך

מסתמא פאָר, ווי גרויסאַרטיק דאָס וועט זיין, ווען פרי־יאָר וועט זיך דאַ, אַנשטאָט די מרה־שחורהדיקע פּוסטקעס, אויסשפּרייטן אַ קאַבריצע פון בונטע פעלד־בלומען...

— און אַט די קאַבריצע וועט זיין אַרומגעזוימט מיט אַ פריילעכן טייכל, — האָט אונטערגעהאַלטן שווייק: — און דער הער קאַפּראַל וועט אָננעצן אַ בלייפעדל, אַוועקזעצן זיך אויף אַ בוים־שטאַם און אָנשרייבן אַ לידעלע פאַר אַ קינדער־זשורנאַל.

דער קאַפּראַל איז געזעסן ווי געליימט. און דער פּרייוויליקער האָט געטענהט, אַז ער געדיינקט אויף געוויס, אַז ער האָט געזען דעם קאַפּראַלס קאָפּ אויף אַן אויסשטעלונג פון סקולפּטורן.

— אַנטשולדיקט, הער קאַפּראַל, — האָט ער געזאָגט, — האָט איר ניט געדינט פאַר אַ מאָדעל דעם סקולפּטאָר שטורדזאַ?

האָט דער קאַפּראַל אויף אים אַ קוק געטאָן און געענטפערט אַ טרויעריקער:

— ניין.

איז דער פרייוויליקער אַנטשוויגן געוואָרן און האָט זיך אויסגעצויגן אויפן באַנק.

די וואַך־סאָלדאַטן האָבן זיך אַוועקגעזעצט מיט שווייקן ביי אַ קערטל, און דער קאַפּראַל האָט מחמת יאוש גענומען אַריינקוקן צו די שפּילערס אין די קאָרטן אַריין און האָט צום סוף זיך ערלויבט צו מאַכן אַ באַמערקונג, אַז ער האָט ניט געדאַרפט גיין מיטן טויז; ער האָט באַדאַרפט גיין בעטן קאָזער, וואָרום דעמאָלט וואָלט ביי אים געבליבן דאָס זיבעטעלע צום לעצטן לעזי.

— אין די לאָקאַלן, — האָט געזאָגט שווייק, — פלעגן אַמאָל זיין גוטע אופשריפטן פאַר ניט־שפּילערס, וואָס קוקן אַריין אין די קאָרטן. איין אופשריפט אַזוינעם געדיינק איך: „דעם פינפטן שפּילער אונטערן טיש!“

דער מיליטער־צוג איז צוגעגאַנגען צו דער סטאַנציע, ווו עס האָט באַדאַרפט אויסגעפירט ווערן דער קאָנטראָל. דער צוג איז געבליבן שטיין.

— נו, אָט נאָט איך, — האָט געזאָגט דער פרייוויליקער שטרייכג און דערביי א קוק געטאָן אפן קאַפּראַל מיט אַן אָנצוהערעניש, — אָט נאָט איך דעם קאָנטראָל...

און אין וואַגאָן איז אַריין דער קאָמענדאַנט מיט זיין געהילף.

* * *

פאַר א קאָמענדאַנט פון צוג איז געוואָרן באַשטימט פון שטאַב דער וויצעליטענאַנט פון רעזערוו, דאָקטאָר מראַץ.

אף אַזאַ נאַרישן פּאָסטן באַשטימט מען שטענדיק רעזערוו־אָפיצערן. דאָקטאָר מראַץ איז שוין גאָר מבולבל געוואָרן. ביי אים פלעגט שטענדיק אויספעלן איין וואַגאָן אָדער צוויי, הגם אין גימנאַזיע איז ער געווען א לערער פון מאַטעמאַטיקע. חוץ דעם, האָט די צאָל מענטשן אין איטלעכן איינציקן וואַגאָן, וואָס מען האָט אים אופגעגעבן אף דער לעצטער סטאַנציע, ניט געשטימט מיט די ציפערן, וואָס זיינען געוואָרן פאַרצייכנט נאָכן אַריינזעצן זיך אין בודוויים אפן וואָקזאַל. אַז ער האָט איבערגעקוקט די פּאַפּירן, האָט אים געגומען אויסדוכטן, אַז עס האָבן זיך ביי אים פּלוצטאַלבן באַוויזן צוויי איבעריקע פעלד־קיכן, וואָס קיינער ווייס ניט, פון וואַנען זיי נעמען זיך. באַלד האָט ער אויך ארויסגעפונען, אַז פערד האָט ער אויך מער וויפיל ער באַדאַרף האָבן — און א סקרוך איז אים אריבער איבערן לייב. אין דער רשימה פון די אָפיצערן האָט ער ניט געקאָנט געפינען צוויי פענדריקעס, וואָס האָבן אים אויסגעפעלט. אין דער קאַנצעליאַריע פון פולק אין ערשטן וואַגאָן האָט מען געהאַלטן אין איין זוכן א שרייב־מאַשין. פון אָט דעם טומל און הוהא האָט ער אַרויסגענומען א מוראַדיקן קאָפּווייטאָק; ער האָט שוין געהאַט איינגענומען דריי פּראָשקעס אַספּירין און האָט איצט דורכגעמאַכט דעם קאָנטראָל מיט אַן אויסדרוק פון טיפן צער אפן פּנים.

ווי נאָר ער איז מיט זיין געהילף אריין אין ארעסטאַנטן־וואַגאָן, האָט ער אריינגעקוקט אין די פּאַפּירן. דער קאַפּראַל האָט אָן איינגעשראָקענער אָפּגעגעבן דעם ראַפּאָרט: צוויי ארעסטירטע און אזוי פיל און אזוי פיל מאַן פון דער וואַך. האָט ער נאָך אַמאָל פאַרגלייכט די דאָזיקע ציפערן מיט די ידיעות פון די דאָקומענטן און האָט זיך ארומגעקוקט.

— און וועמען פירט איר אָט דאָ אָ? — האָט ער שטרייננג אַ פרעג געטאָן, אָנגעוויזן אָפן פעלד־קוראַט, וואָס איז זיך רואיק געשלאָפן אָפן באַנק, אויסגעשטעלט דעם באַלף מחילות גלייך דעם אדון קאָמענדאַנט אין פנים אריין.

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, הער וויצע־לייטענאַנט,

— האָט דער קאַפּראַל ארויסגערעדט שטאַמלענדיק, — אַז מיר, דאָס הייסט... איך וויל זאָגן...

— וואָס פאָנפעט איר דאָרט? — האָט דאָקטאָר מראַץ אַ בורטשע געטאָן, — רעדט דייטלעכער.

— ערלויבט צו מעלדן, הער וויצע־לייטענאַנט, — האָט פאַר אים געענטפערט שוויק. — די מעשה דערפון איז די, וואָס אָט דער הער, וואָס שלאָפט זיך דאָ אָפן בויך, איז עפעס אַ שיכורער הער פעלדקוראַט. ער איז צו אונדז צוגעשטאַנען און איז אריינגעקראָכן צו אונדז אין דאָזיקן וואַגאָן, און היות ווי ער איז פאַר אונדז אַן עלטסטער, האָבן מיר אים ניט געקאָנט ארויס־שליידערן, בכדי מיר זאָלן ניט ארויסווייזן קיין אומכבוד צו זיין ראַנג. ער האָט מסתמא פאַרביטן דעם שטאַב־וואַגאָן אָפן ארעס־טאַנטן־וואַגאָן.

האָט דער דאָקטאָר מראַץ ניט געפונען קיין אַנדער זאַך וואָס צו זאָגן, ווי נאָר צו הייסן דעם קאַפּראַל איבערצודרייען דעם שלאָפעדיקן מיטן פנים אַרויף, בכדי זיך איינצוקוקן אין אים און צו דערגיין, ווער ער איז אין דער אמתן.

מיט גרוים מי האָט דעם קאַפּראַל אָפּגעגאָלטן איבערצו־קערן דעם פעלדקוראַט אָפן רוקן. דערביי האָט זיך יענער אופ־געכאַפּט, און דערזען פאַר זיך אַן אָפיצער האָט ער אויס־געשריען:

— אַ גוטן, פרעדי! וואָס הערט זיך עפּעס נייס? וועטשערע פּאַרטיק?

דערנאָך האָט ער ווידער פאַרמאַכט די אויגן און האָט זיך אויסגעקקערט צום וואַנט.

דער דאָקטאָר מראַץ האָט באַלד דערקענט דעם נעכטיקן זולל וסובא פון אָפיצער-קלוב און האָט אַראָפּגעשלונגען אַ שטילן זיפץ.

— דערפאַר, — האָט ער געזאָגט צום קאַפּראַל, — וועל איך אַף אייך אָנגעבן אַ ראַפּאָרט.

ער האָט שוין געוואָלט אוועקגיין, נאָר שווייק האָט אים אָפּגעשטעלט.

— ערלויבט צו מעלדן, הער וויצעלייטענאַנט, — האָט דערקלערט שווייק, — אַז איך באַדאַרף דאָ שוין מער ניט זיין. מיר האָט געקומט זיין אין אַרעסט נאָר ביז האַלב עלף, וואָרום גראָד היינט איז אויסגעגאַנגען מיין טערמין. מען האָט מיך אַריינגעזעצט אַף דריי מעת-לעת, און איצט האָב איך שוין באַדאַרפט זיין אין קעלבער-וואַגאָן צוזאַמען מיט די איבעריקע. און אַזוי ווי עס איז שוין לאַנג געווען עלף אַזייגער, בעט איך ביי אייך, הער וויצעלייטענאַנט, מיך אַרויסצוזעצן אַף דער ליניע אָדער אַריבערצופירן אין אַ קעלבער-וואַגאָן, ווו איך געהער צו זיין, אָדער צום הער לייטענאַנט לוקאַש.

— ווי איז אייער נאָמען? — האָט געפרעגט דאָקטאָר מראַץ און גענומען זיך גריבלען אין זיינע פּאַפּירן.

— שווייק, יאָזעף, אַזוי איז דאָס, הער וויצעלייטענאַנט.

— אַזוי, הייסט דאָס, זייט איר דאָס דער באַרימטער שווייק, — האָט אַרויסגערעדט דאָקטאָר מראַץ. — ריכטיק, איר האָט באַדאַרפט אַרויסגיין פריי האַלב עלף. נאָר הער לייטענאַנט לוקאַש האָט מיך ספּעציעל געבעטן, איך זאָל אייך אַרויסלאָזן ערשט אין ברוק, וואָרום אַזוי וועט זיין זיכערער; לכל הפּחות וועט איר אונטערוועגס ניט אָנטאָן קיין צרות.

אַז דער קאָנטראָל איז אַריבער, האָט דער קאַפּראַל ניט געקאָנט זיך איינהאַלטן פון אַ גיפטיקער באַמערקונג:

— נו, אַט זעט איר, שוויק, אייך האָט אַ מכּה געהאָלפֿן, וואָס איר האָט זיך געווענדט צו דער העכערער אינסטאַנץ. אויב איך וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט איך אייך בּיידן געקאָנט ווי ס׳געהער צו זיין אָנזאָלצן.

— הער קאַפּראַל! — האָט זיך דאָ איינגעשטעלט דער פּרייוויליקער. — גראָבּע רייד זיינען קיין מאָל קיין באַווייז נישט. אַ מענטש אַ אינטעליגענט בּאַדאַרף נישט געבּרויכן אַזעלכע ווער־טער, אפילו ווען ער איז אויפגערעגט אָדער ער וויל עמיצן אָרייננזאָגן. און ווייטער, וואָס באַטייט אייער קאָמישער סטראַשונעק, אַז איר וואָלט געקאָנט אונדז בּיידן געהעריק אָנזאָלצן? פֿאַרוואָס זשע, צו אַל די רוחות, האָט איר דאָס נישט געטאָן, ווייבאַלד איר האָט דאָ געהאַט אַזאַ טייערע געלעגנהייט? בּלי ספק דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אייער גרויסע גייסטיקע רייפקייט און אייער נישט־געוויינטלעכע פיינקייט.

— נו, פאַר מיר קלעקט! — איז דער קאַפּראַל געוואָרן אָן אויפגעקאָכטער. — איך קאָן אייך בּיידן אַרונטערשטעלן אונטער אַן אַרטיקל.

— אונטער אַ וואָסערן, קרוין מיינער? — האָט דער פּרייוויליקער געפרעגט מיטן פּנים פון אַ תּם.

— דאָס איז שוין מיין עסק! — האָט דער קאַפּראַל זיך אונטערגעגעבּן מוט.

— דאָס איז גראָד ריכטיק, אוודאי אייער עסק, — האָט דער פּרייוויליקער געזאָגט מיט אַ שמייכעלע. — אָבער צוגלייך אויך אונדזער עסק. אַט אַזוי ווי אין קאָרטן: אייגענע קאָזירים, מיר דוכט גיכער, אַז איר זייט עפּעס שטאַרק נישט בּיי זיך, וואָס מען וועט אַף אייך אָנגעבּן אַ ראַפּאָרט, און דערפאַר האָט איר גענומען זיך טשעפּען צו אונדז, הגם, אמת, דאָס איז נישט קיין דינסט־זאַך.

— מנוולים זייט איר, אַט וואָס! — האָט געזאָגט דער קאַפּראַל, זיך אָנגעמענדיק מיט כּחות צום לעצטן מאָל, בּכדי אָנצוזאָגן אַף זיי שרעק.

— הערט, וואס איך וועל אייך זאגן, הער קאפראל, — האט זיך אפגערופן שווייק. — איך בין שוין אן אלטער הינער־פרעסער, געדינט שוין פאר דער מלחמה, און איך קאן אייך באַזיכערן, אַז מיט זידלעריי וועט איר ווייט ניט פאַרפאָרן. אין יענע צייטן, אַז איך האב נאך געדינט, געדיינק איך, איז געווען ביי אונדז אין ראטע איינער א חזיר, מיטן נאמען שרייטער. געדינט האט ער צוליב קומענדיקע גליקן, ער'ט געקאנט שוין לאנג אוועקגיין פון דינסט אין ראנג פון א קאפראל, אבער ווי זאגט מען דאס, — עס האט געפעלט עפעס א קלעפקע אין קאפּ. הקיצור דער דאזיקער מענטש האט זיך דאס אנגעזעצט אף אונדז, פראסטע זעלנער, זיך איינגעגעסן ווי אַ קלעק: דאס איז אים ניט אַזוי, יענס איז אים ניט אַזוי, דאס איז ניט לויטן סטאַטוט ... מיט איין ווארט, ער'ט זיך איבער אונדז איזדעקעוועט, וויפיל אין אונדז איז אריין און פלעגט נאך כסדר טענען: „ניט קיין סאלדאטן זייט איר, נאר נאכט־וועכטערס!“ מילא בקיצור, בין איך דאס איין מאל ארויס פון די כלים און האב דערלאנגט א ראַפארט דעם ראטע־קאמאנדיר. „וואס פעלט דיר?“ — פרעגט דער קאמאנדיר. „ערלויבט צו מעלדן, הער קאפיטאן, — זאג איך: — איך באקלאג זיך אף אונדזער הער פעלדוועבל שרייטער, ווארום ער זאגט, אז מיר זיינען בלומרשט ניט קיין סאלדאטן, נאר נאכט־וועכטערס. אבער היות ווי מיר דינען זיין קייזערלעכער מאַיעסטעט, בכן זיינען מיר ניט קיין נאַכט־וועכטערס, וואס היטן גערטענער“. גיט דאס דער ראטע־קאמאנדיר אף מיר אַ הוקע: „אַך דו עפּוש איינער, אוועק פון מיינע אויגן!“ בקיצור מאך איך צו אים, אז איך וויל אנגעבן א ראפארט אין באטאליאן. גיב איך דאָס אן דעם ראפארט אין באטאליאן, און אז איך האב אויסגעטייטשט דעם וויצע־פּולקאווניק, אז מיר זיינען ניט קיין נאַכט־וועכטערס, נאר סאלדאטן פון קייזערלעכן דינסט, האט ער געהייסן ארייינזעצן מיך אף צוויי מעת־לעת. האב איך געפאדערט, אַז מען זאל מיר ערלויבן צו דערלאַנגען אַ ראפארט דעם קאַמאנדיר פון פולק, ביים אפנעמען דעם ראפארט פון פולק האט דער הער פולקאווניק, אויסגעהערט מיך, באוויליגט אַ דונער צו

טאָן, אַז איך בין אַן אידיאָט און אַז איך זאָל זיך אָפּטראָגן צו אַל די רוחות. און איך צו אים: „ערלויבט צו מעלדן, הער פּאָלקאָווניק, איך וויל אַנגעבן אַ ראַפּאָרט אין בריגאַדע". בקיצור, דאָ האָט ער זיך דערשראָקן און געהייסן אַרויסרופן אונדזער חזיר דעם שרייטער אין קאַנצעליאַריע אַריין, און יענער האָט געמוזט פאַר אַלע הערן אָפּיצערן אין די אויגן בעטן ביי מיר מחילה פאַרן וואָרט „נאַכטוועכטערס". שפּעטער האָט ער מיך אָנגעיאָגט אין הויף און האָט מיר מתרה געווען, אַז מהיום והלאה וועט ער שוין איזדעקעווען זיך איבער מיר ניט איזדעקעווען, נאָר וואָס דען? ער וועט מיך אַרונטערפירן אונטער אַן אַרטיקל — דאָס שוין געוויס. זינט יענעם טאָג בין איך שוין איין מאָל געווען אָפּגעהיט, אָבער ס'האָט פּאָרט ניט געהאָלפן. שטיי איך מיר אַזוי איין מאָל אויף דער וואַך ביים צייכהויז, און אויף דער וואַנט האָט איטלעכער סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען דאָרט וואַך, שוין עפּעס געהאַט אויפגעשריבן. אָדער זיי האָבן דאָרט עפּעס אָנגעמאָלט אַ מיאוסקייט, אָדער עפּעס אַ שירל אָנגעשריבן. איך האָב קיין זאַך ניט געקאָנט צוקלערן, נאָר פון נודנעקייט האָב איך גענומען און זיך אונטערגעחתמעט אונטער אַן אויפשריפט: חזיר שרייטער איז אַ כלב שבכלבים". און אָט דער אויסוווּרף, דער שרייטער האָט טאַקע תיכף ומיד אויף מיר אָנגעמסרט, וואָרום געשפּיאָנעוועט האָט ער נאָך מיר, ווי אַ כלב קאָן. און דאָ האָט זיך נאָך באַדאַרפט מאַכן אַן אומגליק, אַז איבער דער ערשטער אויפשריפט איז געשטאַנען נאָך איינע: „מיר קלערן אַפילו ניט גיין אויף מלחמה, מיר... אויף איר". געמאַכט איז זי געוואָרן אין יאָר 1917, בעת מיר האָבן שיער ניט באַדאַרפט פירן מלחמה מיט סערביע. מילא בקיצור, מען האָט מיך אָפּגעשיקט קיין טערעזיענשטאַט, אין קרייז=מיליטער=געריכט. אַמאָל פופצן האָבן די מיליטער=ריכטערס פאָטאָגראַפירט די וואַנט פון צייכהויז מיט די דאָזיקע אויפשריפט און מיט מיין חתימה, אַמאָל צען האָבן זיי מיך געלאָזט אָנשרייבן די פראַזע: „מיר קלערן אַפילו ניט גיין אויף מלחמה, מיר... אויף איר" — בכדי אויסצופאָרשן מיין כתב; אַמאָל פופצן האָב איך געמוזט פאַר זיי אין די אויגן אָנשרייבן: „חזיר שרייטער איז

אַ כּלב שבּכּלבים". און גאָר צום סוף איז געקומען אַ גראַפאָלאָג און האָט געהייסן מיר אָנשרייבן: „דאָס איז געווען דעם 29 יוני 1897, בעת קראַלעדוואָר אף דער לאַבאַ האָט אָפּגעשמעקט אַלע שרעקענישן פון דער אויספליצונג פון שטורמישן טייך". נאָך דער געריכטס־אויספאָרשער האָט איינגעפונען, אַז די דאָזיקע פראַזע איז ניט געווען, ווייל אין איר זיינען ניטאָ געווען פון יענע אותיות, וואָס באַגעגענען זיך אין די ביידע פראַזעס, וואָס פאַר זיי האָט מען דאָס מיך געוואָלט משפּטן. דעמאָלט האָט דער גראַפאָלאָג מיר פאָרדיקטירט נאָך אָט וואָס: „די זון איז שוין אופגעגאַנגען, און עס ווערט הייס", און דערנאָך עטלעכע איינציקע זידלווערטער, און האָט דערקלערט, אַז דאָס אַליץ באַדאַרף מען אריבערשיקן קיין ווין, זיי האָבן אזוי געטאָן, און סוף כּל סוף איז געוואָרן פעסטגעשטעלט, אַז וואָס איז שייך די אופשריפטן, איז דאָס ניט מיין אַרבעט, נאר אז די חתימה, וואס איך האב זיך אַליין מודה געווען אין איר, איז טאַקע מיינע. האב איך טאקע געקראגן זעקס וואכן, דערפאַר ווייל איך האב זיך געחתמעט, אין דער צייט בעת איך האב געדאַרפט שטיין אַף דער וואַך.

— דערפון איז צו זען, — האט דער קאפראל געזאגט אַ באַפרידיקטער, — אַז אַן שטראף האט זיך דער עסק ניט געענ־דיקט און אז איר זייט דער אמתער קאַנדידאַט אף תליה. וואלט איך געווען אפן ארט פון דעם קריגס־געריכט, וואלט איך אייך צוגעלייגט זעקס יאר, און ניט זעקס וואכן.

— זייט דאך ניט אַזאַ אכזר, — האט דער פרייוויליקער גענומען דאס ווארט, — טוט בעסער אַ טראכט וועגן אייער נשמה. אקארשט ערשט האט מען אייך געזאגט, אַז עס וועט אף אייך אנגעגעבן ווערן אַ ראפּארט. צו אַזאַ מין עסק וואלט איר באַדאַרפט זייער און זייער ערנסט זיך צוגרייטן און אַ קלער טאָן אפריער מכּח „די לעצטע טעג פון אַ קאַפּראַל". וואס זייט איר בעצם אין פארגלייך מיט דעם וועלט־אַל, ווען מען גיט אַ קלער אַז דער נאָענטסטער אומבאַוועגלעכער שטערן צום דאזיקן צוג שטייט אפּ פון אים 275 מאל מער, איידער די זון, בכדי זיין פּאַראַלאַקס זאל קאנען בילדן איין סעקונדע פון בויגן? אויב איר

וואלט עקסיסטירט אין וועלט־אל אין דער געשטאלט פון אן אומבאוועגלעכן שטערן, וואלט איר, בלי ספק, געוועזן צו נישטיק, אז מען זאל אייך קאנען זען אפילו דורך די בעסטע אסטראנאמישע אינסטרומענטן. פאר אייער נישטיקייט אין וועלט־אל וואלט מען אפילו ניט געקאנט געפינען קיין פאסיקן פארגלייך. אין א האלב־יאר וואלט איר באשריבן אט אזא פיצינקן בויגן, און אין א יאר א קליינעם עליפסיס, וואס מען קאן אים אפילו ניט אויסדריקן אין א צאל, אזא גארנישט וואלט ער געווען. און אייער פאראלאקס וואלט מען אפילו ניט געקאנט אויסמעסטן.

— אויב אזוי, — האט באמערקט שוועיק, — וואלט דער הער קאפראל געמעגט אפילו גרייסן זיך, וואס קיינער קאן אים ניט אויסמעסטן, און ווי די מעשה מיטן ראפארט זאל זיך אויסלאזן פאר אים, דארף ער בלייבן רואיק און זיך ניט אופרעקן, ווארום איטלעכע אופרעקונג שאדט דעם געזונט, און אין דער איצטיקער קריגס־צייט מוז איטלעכער געזונטער מענטש היטן זיך, וויל די שווערקייטן פון קריגפארלאנגען פון אלע מענטשן, זיי זאלן ניט זיין קיין פגירות.

— מילא הער קאפראל, — האט שוועיק ווייטער גערעדט מיט א פריינטלעכן שמייכל, — אויב מען וועט אייך אריינזעצן אדער מען וועט ווי עס איז אייך מצער זיין אף אן אנדער אופן, באדארפט איר דעם קאפ ניט פארלירן, און אויב אנדערע זיינען קלוגיטשקע, זייט איר אויך א קלוגיטשקער. איך האב געקענט איינעם א גערטנער, א געוויסן פראנץ שקווארא, וואס איז צוזאמען מיט מיר גאר אין אנהויב קריג געזעסן אין פאליציי־פארוואלטונג אין פראג לויט דער באשולדיקונג אין מלוכה־פארראט און איז שפעטער אפשר טאקע געהאנגען געווארן פאר עפעס א פראגמאטישער סאנקציע". דער דאזיקער מענטש, אז מען האט אים נאכן פארהער געפרעגט, צי האט ער ניט וואס צו באמערקן צום פראטאקאל, האט ער געענטפערט: „אויב דאס איז געווען, ווי דאס איז געווען, איז דאס ווי עס איז געווען, ווארום עס איז נאך קיין מאל ניט געווען, אז דאס זאל ווי עס איז ניט זיין געווען". פאר אזא ענטפער האט מען אים אריינגעזעצט אין

איינצל=אַרעסט אין דער פינצטער און צוויי מעת=לעת האָט מען אים ניט געגעבן ניט צו עסן און ניט צו טרינקען, און דערנאָך האָט מען אים איבער אַ נייס אוועקגעשלעפּט צום פאַרהער, און ער האָט אַלץ געטענעט דאָס זייניקע, אַז אויב דאָס איז געווען, ווי דאָס איז געווען, איז דאָס ווי עס איז געווען, וואָרום עס איז נאָך קיין מאָל ניט געווען, אַז דאָס זאָל ווי עס איז ניט זיין געווען. ס'קאָן זיין, אַז דערמיט איז ער אוועק אויך צו דער תּליה, בעת מען האָט אים שפּעטער איבערגעגעבן דעם מיליטער=געריכט.

— ווערליק מ'דערציילט זיך אָן, ווערן אַסך איצט געהאַנגען און געשאָסן, — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די וואַך=סאָלדאַטן. — אָט נאָך גאָר ניט לאַנג האָט מען ביי אונדז אפן פלאַץ איבערגעלייענט אַ באַפעל, אַז אין מאָטאָל האָט מען דער=שאָסן דעם רעזערוויסט קודריאַ דערפאַר, וואָס דער ראָטע=קאָמאַנ=דיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן זיין אינגעלע מיט דער שאַבליע, בעת זיין ווייב האָט געוואָלט זיך מיט אים געזעגענען אַפן וואָקזאַל אין בענעשאָוו, און דאָס אינגל איז געווען ביי איר אף די הענט, און קודריאַ אַליין איז געוואָרן אַ קאַפּעלע אויפגערעקט. מילא, די פּאָליטישע — זיי זעצט מען סתם אַריין. אין מעהרן האָט מען שוין דערשאָסן איין רעדאַקטאָר. און אונדזער ראָטע=קאָמאַנדיר האָט געזאָגט, אַז באַלד וועט מען דערלאַנגען שוין צו די איבע=ריקע אויך.

— אַלצדינג האָט א גרענעץ, — האָט דער פריוואַליקער באַמערקט צווידייטיק.

— אָט דאָס איז ריכטיק, — האָט געזאָגט דער קאַפּראַל.

— רעכט אַף זיי, די דאָזיקע רעדאַקטאָרן, זיי רייצן נאָר אויף דאָס פאָלק. פאַר צוויי=יאָרן, אַז איך בין נאָך געווען אַ יעפרייטאָר, האָט ביי מיר אויך געדינט אַ רעדאַקטאָר, פלעגט ער מיך רופן ניט אַנדערש ווי „די מכּה פון גאָר דער אַרמיי", נאָר אַז איך פלעג אים נעמען לערנען די פרייע באַוועגונגען, אַזוי אַז ער פלעגט נאַס ווערן אינגאַנצן פון שווייס, פלעגט ער שטענדיק זאָגן: „איך בעט אייך צו אַכטן אין מיר דעם מענטשן". האָב איך

אים טאַקע באַוויזן דעם דאָזיקן מענטשן, און אַז דער פּלאַץ פון דער קאַזאַרמע איז געווען פול מיט קאַליזשעס, האָט ער זיך גע־מוזט לייגן אין בלאָטע, איך פלעג אים צופירן צו אַזאַ קאַליזשע, און ער האָט זיך געמוזט אויסציען אין איר, ווי גרויס ער איז, אַז שפּריצן זיינען געפלויגן, ווי אין אַ שווים־שול. און נאָכמיטיק האָט אַליץ אַף אים ווידער געמוזט זיין בליץ־און־בלאַנק, דער מונדיר און דאָס געווער, און ער האָט זיך געקוועטשט און גע־אָכצעט, און אַף מאָרגן איז ער ווידער געווען ווי אַ חזיר, וואָס האָט זיך אויסגעקייקלט אין בלאָטע. און איך טו דאָס צו אים אַ גיי צו און אַ זאָג: „אַנו, הער רעדאַקטאָר, ווער איז שטאַרקער, די מכה פון דער אַרמיי אָדער אייער מענטש?" יאָ, דאָס איז געווען דער אמתער אינטעליגענט.

דער קאַפּראַל האָט מיט נצחון אַ קוק געטאָן אַפן פריי־וויליקן און האָט ווייטער גערעדט:

— אָט פאַר זיין אינטעליגענטישקייט טאַקע האָט מען ביי אים אָפּגענומען זיינע בענדלעך פון אַ פרייוויליקן, וואָרום ער האָט געשריבן אין די בלעטער, אַז מען באַגייט זיך שלעכט מיט די סאָלדאַטן. און ווי זשע זאָל מען זיך מיט זיי באַגיין, אויב אַזאַ געבילדעטער מאַן וויים ניט, ווי אַזוי מען נעמט פונאַנדער אַ ביקס, אַפילו אַז דו באַווייזט אים צען מאָל, אָדער ווען אַף דער קאָמאַנדע „אויגן לינקס!" קערעוועט דאָס אַף צופלייסנס די נאָז רעכטס און קוקט ווי אַ בלייערנער פויגל, אָדער ביי די מושטירונגען מיטן ביקס וויים דאָס ניט, ווי אָנצונעמען, און אַז דו נעמסט אים באַווייזן, ווי אַזוי די האַנט דאַרף זיך גליטשן איבערן רימען, שטעלט דאָס אָן אַף דיר אַ פאָר קוקערס, ווי אַ שעפּס אַף אַ נייעם טויער. ער האָט אַפילו ניט געוווסט, אַף וואָסער אַקסל מוז מען ארופוואַרפן די ביקס, און גריסן האָט ער געגריסט ווי אַ מאַלפּע, היינט ראָס פלעגט זיך אָפּטאָן ביים פאַרקערעווען, ווען מען האָט געלערנט מאַרשירן — ממש הימל עפן זיך! אַז מען האָט געדאַרפט פאַרקערעווען, איז אים קיין נפקא מיניה ניט, מיט וואָסער פוס. ער טאָפּטשעט דאָס אַוועק, צאָפּ־צאָפּ־צאָפּ, אַ טריט זעקס אין פאָרויס, און ערשט דערנאָך

קערט ער זיך אום, אזוי ווי א צאפן אין א ביר־פאס, און ביים מארשירן מאכט ער טראט ווי א קליאטשע א פגירה אדער ער טאנצט זיך אויס ווי אן אלטע באבעצי אף א רומפל.

דער קאפראל האט אפילו אויסגעשפיגן.

— מען האט אים אומישנע ארויסגעגעבן א פארזשאווערטן ביקס, בכדי ער זאל זיך אויסלערנען. פלעגט ער אים רייבן און רייבן, ווי א פארשאלטענער, נאר אויב ער וואלט אפילו געקויפט זיך נאך צוויי קילא פאקלעס, וואלט ער דעמאלט אלץ גארנישט נים געפועלט. וואס מער ער האט געפוצט, אלץ ערגער און פארזשאווערטער איז ער געווארן, און אף א רעוויזיע פלעגט ער גיין פון האנט צו האנט, און איטלעכער האט זיך געחידושט, ווי קאן דאס געמאלט זיין, עס זאל זיין הוילער זשאווער! אונדזער ראטע־קאמאנדיר פלעגט אים זאגן שטענדיק, אז פון אים וועט קיין מאל נים זיין קיין סאלדאט, אז דאס גלייכסטע פאר אים איז גיין און אופהייגען זיך און אז ער פרעסט נאר אומזיסט קרוינש ברויט, און יענער שמייט און פינטלט מיט די אויגן הינטער די שפאקולן. פאר אים איז שוין געווען א גרויסער יום־טוב, אויב מען האט אים נים אריינגעזעצט אין קארצער אדער אין ארעסט. אין אזעלכע טעג פלעגט ער זיך געוויינטלעך שרייבן זיינע ארטיקעלעך אין די בלעטער וועגן דעם שלעכטן באגיין זיך מיט סאלדאטן, ביז מען האט נים געמאכט אן אונטערזוך בי אים אין די זאכן. אט האט ער דאס געהאט ביכלעך, חברה, א גרויל! און אלץ אזעלכע ביכלעך וועגן אלגעמיינער אנטוואפע־נונג און וועגן שלום צווישן אלע פעלקער. דערפאר האט ער זיך באדארפט טאקע אויסזיצן אין דער טורמע פון גארניזאן, און זינט דעמאלט האבן מיר געהאט מנוחה פון אים, ביז ער האט זיך ווידער אמאל באוויזן בי אונדז אין קאנצעלאריע, ווו ער איז געווען פארנומען מיט אויסשרייבן די ראציעס און בכלל די פרא־וויזיע, בכדי ער זאל, הייסט דאס, נים זיין חבר־לאווער מיט די פראסטע סאלדאטן. אט דאס איז געווען דער טרויעריקער סוף פון דאזיקן אינטעליגענט. ער וואלט געקאנט מאכן גאר אן אנדער קאריערע, אויב מען וואלט אים פאר שוואכזין נים אפגענומען די

רעכט פון אַ פּריוווּליקן. ער וואָלט שוין איצט געווען אַ וויצע־לייטענאַנט.

דער קאַפּראַל האָט טיף אַ זיפץ געטאָן.

— אַפילו דעם קנייטש אַפן מאַנטל האָט ער ניט פאַר־שטאַנען צו פאַרלייגן, פאַרשיידענע וועסערלעך און שמירעכצן צו פוצן קנעפּלעך פלעגט ער זיך אויסשרייבן אַזש פון פּראָג, און פאָרט האָבן זיינע קנעפּ אויסגעזען פאַרזשאַווערט. דערפאַר איז ער געווען אַ מאַדים צו באַלבען, און אַז ער איז געווען אין קאַנצעליאַריע, פלעגט ער האָבן איין עסק — צו חקירהן זיך אין פילאָסאָפיע. דאָס איז, קענטיק, אים שטענדיק געווען צום האַרצן. ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָט ער כּסדר געזוכט די רעכט פון „מענטשן". איין מאָל, אַז ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער אַ קאַליזשע, ווו מען האָט אים געהאַט געהייסן זיך אַריינלייגן, האָב איך צו אים געזאָגט: „אָט איצט, ווען איר האָט זיך אַזוי פיל אָנגערעדט וועגן מענטשן און וועגן בלאָטע, דערמאָן איך, אַז דער מענטש איז באַשאַפן פון בלאָטע און אַז דערפאַר מוז אים זיין געשמאַק צוליגן אין איר".

אַרויסגעזאָגט אַלצדינג, וואָס אים איז געלעגן אַפן האַרצן, איז דער קאַפּראַל געבליבן שטאַרק קאָנטעט פון זיך און האָט גענומען וואַרטן, וואָס וועט דערויף זאָגן דער פּריוווּליקער. נאָר אָנשטאָט אים האָט גענומען דאָס וואָרט שווייק:

— אָט דערפאַר טאַקע, פאַר אָט דעם איזדעקעווען זיך האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אַ געוויסער קאָניטשעק אין 35־טן פּולק דערשטאָכן דעם קאַפּראַל און דערנאָך זיך. וועגן דעם האָט מען נאָך געשריבן אין „קוריער". ביים קאַפּראַל אַפן לייב זיינען געווען ביי דרייסיק שטאָך־ווונדן, וואָס לכל־הפּחות צוועלף פון זיי זיינען געווען טויט־ווונדן. און דער סאָלדאַט האָט זיך דערנאָך אַרויפגעזעצט אַפן טויטן קאַפּראַל און אַזוי זיצנדיק אַף אים האָט ער זיך דערשטאָכן. אַן אַנדער פאַל איז געווען ניט גאָר לאַנג אין דאַלמאַציע; דאָרט האָט מען איין קאַפּראַל איבערגעשניטן דעם האַלדז, און מען האָט אַפילו ניט געפונען, ווער דאָס האָט געטאָן. עס איז נאָר באַוווּסט, אַז דער נאָמען פונם קאַפּראַל מיטן

איבערגעשניטענעם האַלדז איז געווען פּיאַלאַ, און אַליין איז ער געווען פון דראַבאָוונאַ אונטער טאַרנאָוו. און נאָך ווייס איך פון אַ קאַפּראַל פון 75־טן פּולק מיטן נאָמען רײַמאַן...

אַט די האַרץ־קוויקנדיקע דערציילונג איז פּלוצים איבער־געריסן געוואָרן אין מיטן. עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ הויכער קרעכץ אַפן בײַנקל, וווּ עס איז געשלאָפן דער פעלד־קוראַט לאַצינאַ.

דער בכבודיקער פאַטער האָט זיך אופגעכאַפּט אין גאַר זיין פּראַכט. ער האָט אָפּגעגרעפּצט און זיך ברייט צעגענעצט, אַז עס האָט אָפּגעהילכט. צולעצט האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און פאַרוווּנדערט אַ פרעג געטאָן:

— וווּ בין איך דאָס, צו אַל די טײַוואָלים?

דער קאַפּראַל, אַז ער האָט באַמערקט, אַז דער אדון איז אופגעשטאַנען פון שלאָף, האָט מיט אַ חניפה־קנײטשל געענט־פערט:

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, הער פעלד־קוראַט, אַז איר באַווייליגט זיך צו געפינען אין אַרעסטאַנטן־וואַגאָן.

אַפן פעלד־קוראַטס פנים האָט זיך אויסגעמאָלט אַ פאַר־וווּנדערונג, וואָס אין לשער. אַ מינוט איז ער געזעסן אַ שווייגע־דיקער און האָט זיך געפלייסט עפּעס דערמאָנען. הויבט זיך ניט אָן! דאָס, וואָס איז געשען בײַנאַכט און אינדערפרי, און אויך ווי אַזוי ער האָט זיך דאָ אופגעכאַפּט אין אַ וואַגאָן, וואָס די פענצ־טערן זיינע זיינען פאַרשטעלט מיט גראַטעס, דאָס איז פאַר אים געווען פאַרהוילן אין אַ געדיכטן חושך.

צולעצט האָט ער געפרעגט דעם קאַפּראַל, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַר אים אויסגעצויגן:

— לויט וועמעס באַפעל בין איך, וואָס איך...

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן, אָן אַ באַפעל.

איז דער פאַטער אופגעשטאַנען און האָט גענומען ארום־שפּרייזן אַהין און צוריק צווישן די בײַנקלעך, און געבורטשעט עפּעס אונטערן נאָז, אַז ער הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַנידערגעזעצט און געפרעגט:

— וווהין פאָרן מיר דאָס אייגנטלעך?

— איך האָב דעם כּבוד צו מעלדן, קיין בּרוק.

— וואָס עפּעס פאָרן מיר קיין בּרוק?

— איך האָב דעם כּבוד צו מעלדן, אַז אַהין ווערט אריבּער־געפירט אונדזער גאַנצער פּולק.

האָט דער פּאַטער פּונדאָסניי אָנגעשטריינגט זיין גאַנצן זכּרון, כּדי זיך צו דערמאָנען, וואָס איז דאָס מיט אים געשען, ווי אַזוי קומט ער דאָס אין דאָזיקן וואַגאָן און פאַרוואָס פאָרט ער אייגנטלעך קיין בּרוק, און דערצו נאָך דוקא מיטן 91־טן פּולק און נאָך אונטער וואַך.

ער האָט זיך שוין געהאַט אַף אַזוי פיל אויסגעניכטערט, אַז ער האָט שוין אַפילו געקאָנט דערקענען דעם פּרייוויליקן, און צו אים האָט ער זיך טאַקע געווענדט מיט דער פראַגע:

— אָט איר טאַקע, ווי אַ מענטש אַן אינטעליגענט, קאָנט מיר געבּן צו פאַרשטיין, אָן שום תּירוצים, ווי אַזוי קום איך אַהער צו אייך?

— מיט פאַרגעניגן, — האָט זיך דער פרייוויליקער אָפּ־גערופן מעשׂה־גוט־פריינט. — איר זייט פּשוט בּתּכלית הפּשטות צוגעשטאַנען צו אונדז פאַרטאָג אַפן וואָקזאַל, ווייל עס האָט בּיי אייך שטאַרק געשוימעוועט אין קאָפּ.

דער קאַפּראַל האָט אַף אים שטריינג אַ קוק געטאָן.

— איר זייט אריינגעקראָכן צו אונדז אין וואַגאָן, — האָט דער פרייוויליקער ווייטער גערעדט אָן זיך צו שטערן, — און... פאַרטיק אַן עסק! איר האָט זיך אוועקגעלייגט אַפן בּאַנק און אָט ער שווייק, האָט אייך אונטערגעלייגט זיין מאַנטל אונטערן קאָפּ בּעתן קאָנטראָל אַף דער לעצטער סטאַנציע האָט מען אייך אריינגעשריבּן אין דער רשימה פון די אָפיצערן, וואָס פאָרן מיטן דאָזיקן עשעלאָן. מען האָט אייך, אויבּ מען מעג זיך אַזוי אויס־דריקן, אָפיציעל געפונען, און אַף אונדזער קאַפּראַל וועט מחמת דער געלעגנהייט אנגעגעבּן ווערן אַ ראַפּאָרט.

— אַזוי, אַזוי, — האָט דער פּאַטער זיך אָפּגעזיפצט. הייסט דאָס, אַז אַף דער צווייטער סטאַנציע וועל איך מוזן אריבּערגיין

אין שטאַב־וואַגאָן. ווייסט איר ניט, וואָרימעס האָט מען שוין דערלאַנגט?

— וואָרימעס עסן וועט מען ערשט אין ווין, האָט פעלד־קוראַט, — האָט אַריינגעשטעלט זיין וואָרט דער קאַפּראַל.

— הייסט דאָס, אַז איר האָט מיר אונטערגערוקט צו־קאָפּנס אייער מאַנטל? — האָט דער פּאַטער זיך געווענדט צו שווייקן.

— איך דאַנק אייך פון טיפן האַרצן.

— ניטאָ פאַר וואָס, — האָט געענטפערט שווייק. — איך האָב געטאָן נאָר דאָס, וואָס עס וואָלט באַדאַרפט טאָן איט־לעכער מענטש, ווען ער זעט, אַז זיין עלטסטער האָט גאָרנישט צו קאָפּנס און אַז דער עלטסטער איז . . . אַ ביסל דאָסיק . . . איטלעכער סאָלדאַט באַדאַרף אָפּגעבן כבוד זיין עלטסטן, אפילו אויב יענער איז ניט גאָר ביי זיך. איך האָב אַ גרויס געניטשאַפט מיט פעלדקוראַטן וואָרום איך בין געווען אַ דינער ביים פעלד־קוראַט אָטאָ קאַץ. דאָס איז אַן עולם אַ פריילעכער און אַ ווילער.

אפן ניכטערן האַרצן האָט דעם פעלדקוראַט אָנגעכאַפּט אַ שטימונג פון דעמאָקראַטיזם. ער האָט אַרויסגעשלעפט אַ סי־גאַרעט און דערלאַנגט שווייקן — ווי יענער זאָגט: נאַ, ברודער, כאַפּ אַ רויכער.

— אַף דיר, - האָט ער זיך געווענדט צום קאַפּראַל, וועט מען, ווערליג מען זאָגט, אָנגעבן אַ ראַפּאָרט פון וועגן מיר? זאָל־סטו גאָר קיין מורא ניט האָבן, איך וועל דיר שוין אַרויסנעמען פון דער צרה, און דיר וועט קיין זאַך ניט געשען.

— און דיך האָט ער געזאָגט צו שווייקן, — וועל איך נעמען מיט זיך. דו וועסט ביי מיר לעבן, ווי גאָט אין פראַנקרייך.

און ער איז געוואָרן אַזוי גוט און אַזוי צוגעלאָזט צו אַלע־מען, און ער האָט צוגעזאָגט איטלעכן צו פאַרשאַפן אַ פאַרגעניגן. דעם פרייוויליקן וועט ער קויפן שאָקאָלאַד, די וואַך־סאָלדאַטן ראָם, דעם קאַפּראַל האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אַריבערצופירן אין דער פאָטאָגראַפיר־אָפּטיילונג פון דער 7־טער קאַוואַלעריע־דיוויזיע, און בכלל וועט ער אַלעמען באַפרייען און קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

ער האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשענע פּאַפּיראָסן און גענומען טיילן אלעמען, ניט נאָר שווייקן אליין; דערביי האָט ער געמאלדן, אַז ער דערלויבט ביידע אַרעסטירטע צו רויכערן און ער וועט זאָרגן, אַז דער שטראָף זאָל געמינערט ווערן, אז זיי זאָלן קאָנען זיך אומקערן צוריק צו אַ נאָרמאַל מיליטעריש לעבן.

— איך וויל ניט, — האָט ער געזאָגט, אַז איר זאָלט מיך דערמאָנען צום שלעכטן. איך האָב גוטע פאַרבינדונגען, און מיט מיר וועט איר ניט פאַרפאלן גיין. בכלל מאַכט איר אַלע אַף מיר דעם איינדרוק פון לייטישע מענטשן ביז גאָר, אזעלכע וואָס דער אויבערשטער האָט ליב און פאַרלאָזט ניט. און אויב איר האָט געזינדיקט, קומט איר דאָך אָפּ געדרן דאָס, וואָס גאָט האָט אף אייך אנגעשיקט.

— פאר וואָס האָט מען אייך באַשטראָפט? — האָט ער זיך געווענדט צו שווייקן.

— גאָט האָט אין באַפעל צום פּולק ארויפגעלייגט אף מיר אַ שטראָף, הער פעלדקוראַט, — האָט שווייק מרום געענטפערט, — דערפאַר, וואָס איך האָב ניט איבער מיין שולד פאַרשפּעטיקט צו קומען אין פּולק.

— גאָט איז גרויס אין זיין גענאד, — האָט דער פעלד-קוראַט ארויסגערעדט פייערלעך, — ער וויים וועמען צו שטראָפן. און איר, פרייוויליקער, פאַר וואָס זיצט איר?

— איך זיץ, — האָט געענטפערט יענער, — וויל גאָט דער פיל-גענעדיקער האָט באַוויליקט אָנצושיקן אף מיר אַ רעמאַ-טיס, וויל איך בין צו גרויס געווען ביי זיך. אז איך וועל אָפּקומען די שטראָף, שיקט מען מיך אָפּ אין קיך אריין

— גאָטס וועגן זיינען טאַקע ניט צו דערגרונטעווען, — האָט דער פאַטער אָפּגערופן מיט התלהבות, וויבאַלד ער האָט דערהערט מכח דער קיך. — אין קיך קאָן אַ לייטישער מענטש אויך מאַכן אַ קאַריערע. איך האַלט, אז גראַד אינטעליגענטע מענטשן וואָלט מען באַדאַרפט באַשטימען אין קיך צוליב כל-ערליי קאָמבינאַציעס, וואָרום וויכטיק איז ניט פשוט צו קוכערן, נאָר מיט וואָסער ליבשאַפט מען שטעלט צונויף די געריכטן, ווי

אזוי מען מאַכט זיי פאַרטיק, און מאַלע וואָס נאָך? איך כאַפּ אייך אָן, אשטייגער, סאוסן. אַ אינטעליגענטער מענטש, אויב ער וועט מאַכן אַ ציבעלע=סאָוס, וועט ער אייך נעמען פאַרשיידענע קריי=טעכצער און אָפּפרעגלען זיי אף פוטער, און דערנאָך צולייגן געווירץ, עפּעס פעפער, לאָרבער=בלעטער אָדער אַ קאַפּעלע מושקאַט צי אינגבער. אָ פראָסטער קוכער אָבער קאָכט אָפּ די ציבעלע, וואַרפט צו רינדערנע גריבענעס, און אַ סוף און אַן עק. אייך וואלט איך געוואָלט זען וואָס גיכער אין דער קיך פון אַן אָפיצער=קלוב. אויב אַ מענטש איז מיט אַ שווערן קאָפּ, קען ער זיך ווי עס איז דורכשלאָגן אַ וועג אין אַ פשוטער מלאכה און סתם אין לעבן, אָבער אין דער קוכער=קונסט איז דאָס באַלד קענטיק. נעכטן אָוונט אין בודוויים האָט מען דערלאַנגט, צווישן אַנדערע זאַכן, נירן און מאַדערע=סאָוס. דער וואָס האָט דאָס געמאַכט, דעם וועט געווים דער אויבערשטער מוחל זיין אַלע זיינע זינד, וואָרום דאָס איז אַן אמתער אַרטיסט! און אין דער אמתן ביי זיי אין קיך האָט זיך טאַקע ארויסגעוויזן עפּעס אַ אינטעליגענט, אַ לערער פון סקושטש. און פונקט אזעלכע נירן און מאַדערע=סאָוס האָב איך געגעסן אין אָפיצער=קלוב פון 64=סטן לאנדווער פולק. איז ווייסט איר, וואָס זיי האָבן דאָרט מיט זיי געטאָן? מען האָט אהין ארייג=געלייגט קימל, אָט אזוי ווי אין די פראָסטע גאָרקיכן לייגט מען אהין אריין פעפער. און ווער האָט דאָס געמאַכט? וואָס איז דער קוכער געווען איידער מען האָט אים גערופן דינען? אַן אַרבעטער אַ פראָסטער אין אַ פויערשן הויף.

— דער פעלדקוראַט איז אַנטשוויגן געוואָרן און דערנאָך האָט ער דעם שמועס פאַרקערעוועט אף דער קיך=פּראָבלעם אין אַלטן און נייעם בונד, וואָרום אין יענע צייטן האָט מען שטאַרק געזאָרגט צו מאַכן געשמאַקע געריכטן נאָכן קירבן=דינסט און אַלע ימים טובים.

— אַז דאָ וואָלט געווען כאָטש אַ קאַפּעלע ראָם, — האָט ער פאַרענדיקט זיין געלערנטע עקסקורסיע אין אַלטערטום, — וואָלטן מיר געקאָנט אָפּבאַפּן זיך אַ ביסל דאָס האַרץ. האָט דער

קאפראַל פּאַוואָליע און געהיט אַריינגעשטעקט אַ האַנט אין קעשענע אַריין און האָט אַרויסגעשלעפּט אַ פלעשל ראָם.

— איך האָב דעם כּבוד צו מעלדן, הער פעלדקוראַט, — האָט ער געזאָגט שטילערהייט, און עס איז קענטיק געווען, ווי ער שטריינגט זיך אָן דאָס אַרויסצובריינגען פון מויל, — אַ מאָ דאָ, אויב איר וועט קיין פּאַריבל ניט האָבן . . .

— איך בין, זונעלע מיינס, ניט פון די וואָס האָבן פּאַריבל, — האָט געענטפערט דער פּאַטער מיט אַ מונטערע שטים. — אַנו לאָמיר נאָר כאַפּן אַ טרונק, דער אויבערשטער זאָל מצליח זיין אונדזער וועג.

— יעזוס־מאַריאַ! — האָט דער קאַפּראַל אַ זיפץ געטאָן פאַר זיך, בעת ער האָט דערזען, אַז נאָך אַזאַ גרונטיקן זופּ איז אין פלעשל געבליבן אַ העלפט.

— אָט אַזעלכער זייט איר דאָס! — האָט דער פעלדקוראַט אַ שמייכל געטאָן און מיט אַ ווונק אין דער זייט צום פרייוויליקן, — איר דערמאָנט נאָך גאָטס נאָמען! אויב אַזוי מוז דער אויבערשטער אייך ניט אַנדערש באַשטראָפן.

— און דער פּאַטער האָט זיך ווידער צעקושט מיטן פלעשל. דערנאָך האָט ער דאָס דערלאַנגט שווייקן און באַפוילן:

— פאַרענדיק!

— אַף מלחמה ווי אַף מלחמה — האָט שווייק געזאָגט גוטמוטיק צום קאַפּראַל, דערלאַנגענדיק אים דאָס פּוסטע פלעשל. יענער האָט דערויף געענטפערט נאָר מיט יענעם ווילד בליש־טשעדיקן קוק, וואָס עס טרעפט נאָר ביי משוגעים.

— איצט וועל איך ביז ווען ווידער אַמאָל כאַפּן אַ דרעמל, — האָט דערקלערט דער פעלדקוראַט, און וואָלט אייך בעטן מיך אופצוּוועקן, ווי נאָר מיר וועלן קומען אין ווין.

— און איר, — האָט ער זיך געווענדט צו שווייקן, — וועט דערנאָך אַראָפּגיין אין דער אָפיצער־קיך און בריינגען מיר עסן, איר וועט זאָגן, אַז דאָס איז פאַרן אויבער־פעלדקוראַט לאַצינאַ. סטאַרעט זיך צו קריגן אַ טאָפּלטע פּאָרציע. אויב עס וועלן זיין קניידלעך, זאָלט איר נעמען ניט פון ברעג, ווייל עס

לוינט ניט. דערנאָך וועט איר מיר ברייננגען פון קיך א בוטל וויין, און נעמט מיט זיך א קעסעלע. מען זאָל אייך אָנגיסן ראָם.

— פּאַטער לאַצינאַ האָט גענומען ארומטאַפּן ביי זיך אין די קעשענעס.

— הערט זיך איין, — האָט ער זיך געווענדט צום קאַפּראַל, — איך האָב קיין קליינגעלט ניט, אַנטלייט מיר אַ גולדן. אָט אַזוי, נאַט אייך. ווי רופט מען אייך?

— שווייק.

— נאַט אייך אַ גולדן אפן וועג, שווייק. און אַ צווייטן גולדן וועט איר קריגן, שווייק, ווען איר וועט אַלצדינג אָפּטאָן ווי געהעריג . . . יאָ, שיער ניט פאַרגעסן: זאָלן זיי אייך געבן פאַר מיר ציגאַרן און פּאַפּיראָסן. אז מען וועט טיילן שאָקאָלאַד, זאָלט איר נעמען פאַר צווייען, און אויב מען וועט געבן קאָנסערוון, זאָלט איר זיך סטאַרען צו נעמען אַ גערויכערטן צונג אָדער אַ געגנזענעם לעבער. אויב עס וועט זיין קען, זאָלט איר זען, מען זאָל אייך ניט אָפּשניידן פון ברעג, און אויב עס וועט זיין אונגאַרישע וווּרסט, באַדאַרף איך די עקן ניט האָבן, נאָר דוקא דעם מיטן, וואָס זאַפטיקער.

נאָך אָט די רעדע האָט דער פעלדקוראַט זיך אויסגעצויגן אפן בויך און איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

— מיר דוכט, — האָט דער פרייוויליקער זיך געווענדט צום קאַפּראַל, — אַז איר מעגט זיין צופרידן מיט אונדזער אונטערגעוואָרפענעם עופהלע. ער ווייזט זיך ארויס אַ גאַנץ פיינינקער.

— מען האָט אים שוין, ווי יענער זאָגט, אַנטווינט, הער קאַפּראַל, — האָט זיך אריינגעמישט שווייק: — ער טרינקט שוין פון פלעשעלע.

דער קאַפּראַל האָט אַ ווײַלינקע געקווינקלט זיך און דערנאָך האָט ער אוועקגעוואָרפן גאָר די חניפה און האָט טרוקן ארויסגערעדט:

— יאָ, ער איז גאָר אַ קאָטינקע.

— אָט דער קונץ זיינער מיטן קליינגעלט, וואָס ער האָט ניט, — האָט שוויק ווייטער גערעדט, דערמאָנט ער מיר אַ געוויסן מליטשקאַ, אַ מולער אין דייוויץ . . . יענער האָט אויך קיין מאָל קיין קליינגעלט ניט געהאַט, ביז ער איז אריינגעקראָכן אין חובות ביז איבער די אויערן און מען האָט אים אריינגעזעצט פאַר אָפּנאַרעריי. גרויס געלט פלעגט שטענדיק פאַרשפּורן און קליינגעלט האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט.

— אין 75־טן פולק, האָט געזאָגט איינער פון די וואַך־סאָלדאַטן, — האָט איין קאַפּיטאַן פאַרשפּורט די גאַנצע קאַסע פון פולק, און ער האָט געמוזט ארויס אין דימיסיע, איצט איז ער שוין ווידער אַמאָל ראָטע־קאָמאַנדיר; אַ פעלדוועבל, וואָס האָט באַגנבעט די קרוין אף טוך פאַר לאַצן, — מען האָט ארויסגעגנבעט אַ שטיקער צוואַנציק טוך, — דינט איצט פאַר אַן אויבער־פעלדוועבל; דערפאַר האָט מען אין סערביע דערשאָסן אַ פוסגייער־סאָלדאַט דערפאַר וואָס ער האָט אין איין מאָל אופגעגעסן זיין פּאָרציע, וואָס האָט אים באַדאַרפט קלעקן אף דריי טעג.

— דאָ שמועסט מען ניט וועגן דעם, — האָט דערקלערט דער קאַפּראַל, — נאָר וואָס אמת איז אמת: נעמען ביי אַן אָרימען קאַפּראַל צוויי גולדן, בכדי ארויסצוּוואַרפן זיי אַף טרינק־געלט . . .

— נאַט אייך אָפּ אייער גולדן! — האָט אויסגערופן שוויק, — איך וויל ניט רייך ווערן אף אייער חשבון. און אַז ער וועט מיר געבן דעם צווייטן גולדן, וועל איך אייך ווייטער אָפּגעבן, איר זאָלט ניט פלאַנכענען. אין גרונט גערעדט, האָט אייך נאָר באַדאַרפט הנאה טאָן וואָס אייער עלטסטער אַנטלייט ביי אייך אף אויסצוטרינקען. נאָר איר זייט אַ גרויסער עגאָאיסט. דאָ האָט געהאַלטן נאָר ביי אַ פּאָר גולדן, נאָר איך וואָלט געוועןאַ בלען אַ קוק טאָן, ווי וואָלט איר געטאַנצט, אויב איר וואָלט געמוזט מקריב זיין אייער לעבן פאַר אייער עלטסטן, אויב ער וואָלט געלעגן אַ פאַרוואונדיקטער ערגעץ נעבן דעם שונאס טראַנשייעס און

איר וואָלט באַדאַרפט אים ראַטעווען און אַרויסטראָגן אים אַף די הענט, און דאָ וואָלט מען אַף אייך געפּערט מיט שראַפּנעלן און מיט שדים וויסן וואָס נאָך.

— אַזאַ העלד ווי איר וואָלט זיך שוין געוויס באַדאַרפט, — האָט זיך אַ שטאָך געטאָן דער קאַפּראַל. — איך בעט אייך איבער אייער כבוד — אַן אָפיצערס־דינער!

— אין איטלעכן געשלעג זיינען פאַראַן עטלעכע אַזעלכע, וואָס באַדאַרפן זיך, — האָט זיך ווידער אַריינגעמישט אין שמועס איינער פון די וואַך־סאָלדאַטן. — אַט אַנוסטן אין בודוויים האָט מיר אַ פאַרוואונדעטער חבר דערציילט, אַז ווען זיי זיינען געגאַנגען אין אַטאַקע, האָט ער זיך באַדאַרפט דריי מאָל נאָך אַנאַנד. דאָס ערשטע מאל, ווען זיי זיינען אַרויסגעקלעטערט פון די גראָבנס און גענומען פויזען צו די דראָט־פאַרצאַמונגען, דערנאָך, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן שניידן די דראָט, און דער דריטער מאָל — ווען די רוסן האָבן אַ הוקע געטאָן „הוראַ" און זיך געלאָזט צו אים לויפן מיט די באַגנעטן דערנאָך זיינען אונדזערע געלאָפן צוריק צו די טראַנשייעס, און אין זייער קייט איז ניט געווען קיין איינער, וואָס זאָל זיך ניט האָבן באַדאָסט... יאָ. דאָ קען מען שוין גאָר־ניט וויסן אפריער. וואָס מיט אַ מענטשן קען פאַסירן.

— ווידער אמאָל טרעפט, — האָט געזאָגט שוויק, — אז א מענטש הויבט אָן קערן ברעכן בעת א געשלעג. אין פּראָג אין א קאַפּיי האָט איין קראנקער, וואָס האָט געהאַלטן ביים געזונט ווערן, מיר דערציילט; ווי אַזוי ער איז געווען אין אַ שלאַכט נעבן איינעם פון די פאָרטן פון פּערעמישל. איז מיט אַמאָל אויס־געוואַקסן פאַר אים א רוסישער סאָלדאַט, הויך ווי א באַרג, און גלייך אַף אים מיטן באַגנעט, און אונטערן נאָז ביים רוס הייגגט א טראָפּן גרויס ווי אַן איי. ווי מיין באַקאַנטער האָט אַ קוק געטאָן אַפן דאָזיקן טראָפּן, אַפן סמאַרן הייסט דאָס, האָט אים באַלד גענומען קערן ברעכן, אז ער האָט געמוזט תיכף אַוועקגיין אין פּונקט, און דאָרט האָט מען ביי אים געפונען כאָלערע דערנאָך האָט מען אים אָפּגעשיקט אין כאָלערע־באַראַק אין פּעשט, און דאָרט האָט ער טאַקע מיט אַן אמתן געכאַפּט די כאָלערע.

— וואָס איז ער געווען, אַ פּראָסטער סאָלדאַט אָדער אַ קאַפּראַל? — האָט געפרעגט דער פריווויליקער.

— אַ קאַפּראַל, — האָט שווייק געענטפערט אָן אַ קלער צו טאָן.

— דאָס וואָלט זיך געקאָנט טרעפן מיט איטלעכן פריווויליקן.— האָט דער קאַפּראַל באַמערקט מעשה גראָבער קאָפּ, און דערביי האָט ער מיט נצחון אַ קוק געטאָן אפן פריווויליקן, ווי איינער זאָגט: „קוּנציק דיך פּאַטשאַפּעט, אַ? אנו, וואָסטו דערויף זאָגן?

נאָר יענער האָט געשוויגן און זיך אויסגעצויגן אפן באַנק.

ווין איז שוין געווען ניט ווייט. ווער עס איז ניט געשלאָפן, דער האָט מיט חידוש געקוקט דורכן פענצטער אף די דראָט־פאַרצאַמונגען און כלערליי באַפעסטיקונגען, וואָס זיינען געווען געמאַכט ארום דער הויפּט־שטאָט.

ניכּר, אז אפן גאָרן צוג האָט אָט די שטעכעדיקע דראָט אָנגעוואָרפן אַ שטיקל מרה־שחורה. וואָרום אפילו די דייטשע דאָרפישע בחורים פון בערג רייכנשטיין, וואָס האָבן נאָך אלץ אין די הינטערשטע וואַגאָנעס מיט ווילדע קולות ארויסגעשריען זייערע לידער, זיינען איצט, ווען מען איז דורכגעפאָרן דורך די פאַרצאַמטע פאָרשטעט, אנטשוויגן געוואָרן.

— אַלץ איז געווען אין אָרדענונג, — האָט ארויסגעשריען שווייק זיין מיינונג מכּח די גראָבנס: — אלץ אין דער בעסטער אָרדענונג. מער ניט וואָס די ווינער, אז זיי פאָרן ארום אויסער שטאָט קאָנען זיך צערייסן די הויזן אן די שטעכלקעס. דאָ מוז מען זיין זייער פאָרזיכטיק.

— און — דאָס איז בכלל זייער אַ וויכטיקע שטאָט, — האָט ער ווייטער גערעדט. — ווען מען טוט נאָר אַ קלער, וויפיל ווילדע חיות עס זיינען פאַראַן כאָטשבי אין איין שענברונער זאָאָלאָגישן גאָרטן. אַז איך בין מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אין ווין, האָב איך מער פון אלץ ליב געהאַט צו גיין קוקן די מאַלפעס. אָבער ווען עמיצער פון די הויכע פענצטער פלעגט ארויספאָרן

פון שענבּרונער פּאַלאַץ. פּלעגט מען קיינעם ניט דורכלאָזן אהין. מיט מיר איז געווען אַ שניידער פון 9־טן בּאַצירק, האָט מען אים אריינגעזעצט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט אנדערש געוואָלט זען די מאַלפּעס.

— און אין פּאַלאַץ גופא איז אייך אויסגעקומען צו זיין? — האָט געפרעגט דער קאַפּראַל.

— אָט דאָס איז א הפלא ופלא! — האָט געענטפערט שווייק. — אליין אמת בין איך דאָרט ניט געווען, נאָר מיר האָבּן דערציילט מענטשן, וואָס זיינען דאָרט געווען. שענער פון אלץ איז די ראָטע פון די הויף־גרענאַדירן. זיי זאָגט מען, דאַרפן זיין ניט וויניקער פון צוויי מעטער די הייך, און דערנאָך אז זיי דינען זיך אויס, קריגן זיי נאָך שטעלעס אין דער טאַבּאַק־מאָנאָפּאָל. און פּרינצעסינס זיינען דאָרט פּאַראַן — ווי די הינט!

זיי זיינען פאַרבּייגעפאָרן אָן זיך אָפּצושטעלן עפּעס אַ וואָק־זאַל, פון וואנען עס האָט זיך געהערט א שוואכער אָפּהילך פון די קלאַנגען פון עסטרייכישן הימן; דאָס האָט געשפּילט אן ארקעסטער, וואָס איז מסתמה געשיקט געוואָרן אהין על פּי טעות. ווארום ערשט אין א היפּשער צייט ארום איז זייער צוג אנגעקומען ווו ער האָט געדאַרפט און איז געבליבּן שטיין. דאָרט האָט מען גע־טיילט מיטאָק און אָפּגעריכט א פייערלעכן קבלת פּנים.

נאָר איצט איז שוין ניט געווען אזוי ווי אין אָנהויבּ קריג, פּלעגן זיך איבּערעסן אף איטלעכער סטאַנציע, ווייל עס פּלעגן זיי בּאַגעגענען מחנות פּריילנס אין אידיאָטישע ווייסע קליידער און מיט נאָך מער אידיאָטישע פּנימער און מיט משונה נארישע בּוקעטן בּלומען און מיט נאָך א סך נאַרישערער רעדע פון עפּעס אַ מאַדאַם, וואָס איר מאַן שפּילט איצט די ראָלע פון אן איבּער־צייגטן פּאַטריאָט און רעפּובּליקאַנער.

אפן קבלת־פּנים אין ווין זיינען געווען דריי מיטגלידער פון עסטרייכישן רויטן קרייץ, צוויי מיטגלידער פון אַ מיליטער־פאַריין פון ווינער פרויען און צו איין אפיציעלן פאָרשטייער פון ווינער שטאָט־פאַרוואַלטונג און פון קאָמענדאַנט.

אפן פּנים פון אָט די מענטשן איז געווען קענטיק אַ גרויסע מידקייט.

מיליטער=צוגן פלעגן דאָ פאַרבײַפאָרן דורכן מעת=לעת, סאַניטאַר=צוגן מיט פאַרווונדעטע פלעגן פאַרבײַגיין יעדע שעה; אַף די וואָקזאַלן פלעגט מען אַלע ווײַלע אַריבערפירן וואַגאָנעס מיט געפאַנגענע פון איין ליניע אַף דער צווייטער, און בײַ דעם אַלעמען האָבן געמוזט זײַן דערבײַ פאָרשטייער פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטן און אַנשטאַלטן. דאָס איז געגאַנגען אַזוי טאָג אויס טאָג איין, און פון דער לכתחילהדיקער התלהבות איז געבליבן נאָר אַ נודעניש. מענטשן פלעגן זיך בײַטן צו אָט די באַגעגענישן, נאָר אַלע די וואָס פלעגן נאָר קומען אַף אַ ווײַנער וואָקזאַל, האָבן געהאַט דעם זעלביקן אויסדרוק פון מידקייט אַפן פּנים, ווי די וואָס האָבן היינט אָפּגעוואַרט דעם צוג מיטן בודווייסער פּולק.

פון די וואַגאָנעס האָבן אַרויסגעקוקט סאָלדאַטן, וואָס אין זייער בליק איז געווען דער זעלביקער יאוש, ווי בײַ פאַרמשפּטע צום טויט.

צו זיי זײַנען צוגעגאַנגען דאַמען און האָבן געטיילט לעקעכלעך מיט אויפשריפטן פון צוקער „ביזן זיגערישן סוף!“ אָדער „גאָט, שטראָף ענגלאַנד!“ אָדער „דער עסטרייכישער סאָלדאַט האָט אַ פאָטערלאַנד, ער ליבט דאָס, און דערפאַר ווייס ער, פאַר וואָס ער קעמפט“.

עס איז געווען קענטיק, ווי די בערג=אײַנוווינער פון בערג=רייכענשטיין האָבן געפּאַקט די לעקעכלעך אין בײדע באַקן, נאָר דער אויסדרוק פון יאוש איז ניט אַראָפּ פון זייער פּנים.

דערנאָך איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו צוגיין ראָטעס=וויַיס צו די פעלד=קיכן, וואָס זײַנען געווען אויסגעשטעלט אַפן פּעראָן, און באַקומען וואַרימעס.

דאָרט האָט זיך געפונען אויך די אָפיצערן=קיך, וואָס דאָרט האָט שווייק אָפּגעגעבן דעם פעלד=קוראַטס קוויטעלע. דער פרײַוויליקער ווידער האָט געוואַרט געדולדיק, ביז מע, וועט אים

געבן עסן, ווייל צוויי וואַך=סאלדאטן זיינען אוועק ברייגגען ווארימעס פארן גאנצן אַרעסטאנטן=וואַגאָן.

שווייק האָט אויסגעפירט זיין שליחות מעשה=בריה. צוריק=וועגס האָט ער שפּאַנענדיק איבער די רעלסן צו זיין וואַגאָן, מיט אַמאל דערזען דעם לייטענאַנט לוקאַש. יענער איז ארומגעגאנגען אהין און אהער איבער דער אייזנבאַן-ליניע און געוואַרט, צי וועט אים אויך אָנקומען עפּעס פון דער אָפיצערן=קיך.

זיין לאַגע איז געווען ניט גאָר קיין געשמאַקע, וואָרום צייטווייליק האָט ער געמוזט אויסקומען מיט איין דינער בשותפות מיט לייטענאַנט קירשנער. דער דאזיקער נפש האָט געזארגט נאָר וועגן זיין אייגענעם אָפיצער, און לייטענאַנט לוקאַש איז געווען ביי אים אַ שטיף=קינד.

— פאר וועמען טראָגט איר דאָס, שווייק, — האָט א פרעג געטאָן דער אומגליקלעכער לייטענאַנט ,אז שווייק האָט אוועקגעלייגט אף דער ערד אַ גאנצן פּאַק גוטע זאַכן, וואָס ער האָט דער=קאזשעט פארן פעלד=קוראַט און איינגעוויקלט אין זיין מאנטל.

אף א רגע האָט שווייק זיך דערשראָקן: אבער תיכּף האָט ער זיך געשטאַרקט, און זיין פּנים האָט געשיינט פון פרייד און פון מנוחה, בעת ער האָט געענטפערט:

ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, דאָס איז פאַר אייך. איך ווייס נאָר ניט, ווו איז אייער קופּע, און חוץ דעם ווייס איך ניט, וואָס'ט זאָגן דער קאָמענדאנט פון צוג. ווען איך וועל אַוועק=גיין צו אייך. מיר דוכט, ער איז א גרויסער חזיר.

האָט דער לייטענאַנט א קוק געטאָן ווי פארוואונדערט אף שווייקן, וואָס האָט ווייטער גערעדט מיט דעם זעלביקן גוטמוטיקן און צוטרויליכן טאָן:

— אמת, ער איז אַ חזיר, הער לייטענאנט, אז ער האָט ביי אונדז אין וואגאָן קאנטראָלירט, האָב איך זיך באַלד געמאָלדן, אז עס האָט שוין געשלאָגן עלף און אז איך בין שוין אָפּגעזעסן מיין צייט און אז מען באַדאַרף מיך אריבערפירן אין קעלבער=וואגאָן אָדער צו אייך. האָט ער מיר געזאָגט מיט אַזא חוצפה, אז

איך זאָל בלייבן אין ארעסטאנטן וואַגאן כּדי איך זאָל אונטערוועגס ניט אנטאָן בזיונות אייך, הער לייטענאַנט.

שווייק האָט געמאכט א וויינערדיקע מינע.

— אזוי ווי איך וואָלט אייך, הער לייטענאַנט, ווען עס איז אנגעטאָן בזיונות.

לייטענאנט לוקאַש האט נאר אָפּגעזיפצט.

— קיין בזיונות, — האט שווייק ווייטער גערעדט, — האָב איך אייך שוין געוויס ניט אנגעטאָן, און אויב עס איז עפּעס געווען, איז דאָס געווען א צופאַל, א באַשערטע זאַך פון גאָט, ווי עס פלעגט זאָגן דער אלטער וואניטשעק פון פילגראַם, אז ער איז אָפּגעזעסן זיין זעקס-און-דרייסיקסטן טערמין. אַף מיין ווארט, איך האָב קיין מאָל ניט געטאן קיין זאַך מיט א כּיוון, הער לייטע-נאַנט, איך האָב שטענדיק געוואָלט מאכן אלץ פיינער און אלץ בעסער, און איך בין ניט שולדיק, וואס מיר ביידע האָבן דערפון קיין הנאה ניט געהאַט, נאָר רק פארשלעפּענישן און בלערליי צרות.

— נו, מילא, וויינט ניט אזוי, שווייק, — האט לייטענאַנט לוקאַש געזאגט פריינטלעך, אַז זיי זיינען צוגעגאנגען צום שטאַב-וואַגאָן. — איך וועל אלץ איינשטעלן אזוי, אַז איר זאָלט ווייטער בלייבן בײַ מיר.

— אָ ניין, הער לייטענאנט. איך ווייז ניט. מיר איז נאָר געוואָרן פּלוצים אזוי פאַרדראָסיק. וואָס מיר מיט אייך זיינען די סאַמע אומגליקלעכסטע מענטשן אין דער דאָזיקער מלחמה און בכלל אַף דער וועלט און מיר ביידע זיינען דערין גאָר ניט שולדיק... דאָס איז שוין מיין ביטער מזל, אז איך גיב א קלער, אז איך בין שטענדיק געווען אזוי צוגעטאָן...

— באַרואיקט זיך, שווייק.

— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאנט, איך סמייע ניט צו ווידערשפּעניקן, זיסט וואלט איך געזאגט, אז איך קען זיך בכלל ניט באַרואיקן, מילא, איך מוז דאָך זאָגן, אַז לויט אייער באַפעל האָב איך זיך באַרואיקט אין גאַנצן.

— הייסט דאָס, קריכט אין וואגאָן שווייק.
— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאנט, איך קריך שוין.

## 4.

# שווייק אין קיראַליבידע.

איבער דעם מיליטער=לאַגער אין ברוק האָט געררוט נאַכט=שטילקייט. אין די באַראַקעס פאַר די פּראָסטע זעלנער האָבן די סאָלדאַטן געציטערט פאַר קעלט, און אין די אָפיצער=באַראַקעס האָט מען געהאַלטן אָפן די פענצטער, וואָרום דאָרט איז געווען צו הייס.

אומעטום זיינען געווען צעשטעלט וואַך=סאָלדאַטן, וואָס האָבן ארומגעשפּרייזט אַהין און צוריק מיט געמאָסטענע טריט בכדי ניט אַנטשלאָפן צו ווערן.

אין איינעם פון די אָפיצער=באַראַקעס איז שפּעט ביינאַכט געזעסן שווייק און האָט געוואַרט אַף זיין לייטענאַנט לוקאַש, וואָס איז פאַרנאַכט אַוועק אין שטאָט, אין טעאַטער אַריין, און איז ביז איצט נאָך ניט געווען געקומען צוריק. שווייק איז געזעסן אַפן אויסגעבעטן בעט פון זיין אָפיצער און אים קעגנאיבער אַפן טיש איז געזעסן דער באַדינער פון מאַיאָר ווענצל. די צימערן פון לוקאַש און פון ווענצל זיינען געווען אין זעלביקן קאָרידאָר. מיקולאַשעק, מאַיאָר ווענצלס דינער, אַ נידעריק געוואַקסענער, געשטופלטער יונג, האָט געשאָקלט מיט די פיס און זיך געזידלט.

— איך קאָן זיך ניט אָפּוווּנדערן אַף אַט דעם אַלטן תרח, וואָס ער איז נאָך ניטאָ. און ווו טראָגט דאָס אים דער שוואַרץ=יאָר ארום שפּעט ביינאַכט? ער וואָלט זיך כאָטש געהאַט אָנגע=שטויסן מיר צו לאָזן דעם שליסל פון צימער, וואָלט מען געקאָנט כאָפּן אַ זופּ און אַ דרעמל טאָן. איך האָב דאָרט וויין אסך.

— מען זאָגט, ער גנבעט וויין, — איז אים שווייק אַריינ=געפאַלן אין די רייד; ער האָט זיך בהרחבה געררייכערט זיין

אָפּיצערס פּאַפּיראָסן, וואָרום לוקאַש האָט אים געהאַט פאַרזאָגט, ער זאָל ביי אים אין צימער מיט זיין ליולקע ניט אָנרייכערן. — דו ווייסט דאָך מסתמא, פון וואַנען קומט צו אייך ווייַן?

— אויך מיר אַ דאגה! איך גיי, וווהין ער שיקט מיך, — האָט זיך מיקולאַשעק אָפּגערופן אַף אַ בייקול. — ער גיט מיר אַ קוויטל אַזוינס, און איך גיי קריגן אַ פּאָרציע פאַר קראַנקע און שלעפּ אַהער אַהיים.

— און אויב ער וואָלט דיר געהייסן, — האָט שווייק גע-פרעגט, — אַוועקגנבען די קאַסע פון פּולק, וואָלסטו דאָס אויך געטאָן? אָט דאָ, הינטערן רוקן, זידלסטו אים, און אַליין ציטער-סטו פאַר אים ווי אַ בלאַט.

מיקולאַשעק האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן.

— נו, דאָס איז ווי מען זאָגט...

— דאָ איז ניטאָ וואָס צו זאָגן, דו שנעק איינער! — האָט שווייק אַף אים אָנגעשריען, נאָר איז תיכּף אַנטשוויגן גע-וואָרן, וואָרום עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריין לייטענאַנט לוקאַש. מען האָט באַלד געקאָנט דערקענען, אַז עס איז אים גוט אַפן האַרצן, וואָרום דאָס היטל איז ביי אים געווען פאַרדרייט מיטן דאַשעק אַף הינטן.

מיקולאַשעק האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט אַפילו פאַרגעסן אַראָפּצושפּרינגען פון טיש און האָט אָפּגעגעבן דעם גרוס זיצנדיק, דערביי פאַרגעסן לחלוטין, אַז ער האָט ניט קיין היטל אַפן קאָפּ.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, — האָט געמאָלדן שווייק, אויסגעצויגן זיך מעשה-זעלנער, נאָר מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל.

נאָר לייטענאַנט לוקאַש האָט דאָס ניט באַמערקט, נאָר ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיקולאַשעקן, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן שטייף אַפן טיש מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

— ערלללויבט זיך פאָרצושטעלן: לייטענאַנט לוקאַש, — האָט ער אַרויסגערעדט ניט מיט קיין גאָר פעסטער שטים. — און ווי רופט מען אייך?

מיקולאַשעק האָט ניט געענטפערט. האָט לייטענאַנט לוקאַש צוגערוקט צו מיקולאַשעקן, וואָס איז געזעסן אַפן טיש, אַ שטול, האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַ קוק געטאָן אַפן סאָלדאַט פון אונטן אַרויף און האָט געזאָגט:

— שווייק, ברייננט נאָר אַהער פון טשעמאָדאַן מיין דינסט־רעוואָלווער.

אין דער צייט וואָס שווייק האָט אַרומגעזוכט אין טשעמאָ־דאַן, האָט מיקולאַשעק, פאַרשטיינערט פון שרעק, געשוויגן ווי אַ געהרגעטער און נאָר מיט אימה געקוקט אַפן לייטענאַנט. אויב ער וואָלט אין יענער מינוט זיך געקאָנט אָפּגעבן אַ חשבון, אַז ער זיצט אַפן טיש, וואָלט ער דאָס ניט אַריבערגעטראָגן, וואָרום מיט זיינע פיס האָט ער אָנגערירט די קני פון לייטענאַנט, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן אים.

— היי, מענטש איינער, ווי הייסט איר? — האָט דער לייטענאַנט איבערגעחזרט זיין פראַגע.

נאָר יענער האָט עקשנותדיק געשוויגן. ווי ער האָט שפּע־טער דערקלערט, איז ער געזעסן אַזוי ווי געליימט. ער האָט געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פון טיש, און האָט ניט געקאָנט, געוואָלט ענטפערן, און ניט געקאָנט, געוואָלט אַראָפּלאָזן די האַנט און ניט געקאָנט...

— דער רעוואָלווער איז ניט אָנגעלאָדן, הער לייטענאַנט,— האָט געמאָלדן שווייק.

— איז לאָד אים אָן, שווייק.

— אָ ניין, הער לייטענאַנט, דאָס איז ניט מיגלעך, מיר האָבן ניט קיין פּאַטראָנעס און אָט דעם ליימענעם גולם איז ניט באַקוועם אַראָפּצונעמען פון טיש מיט אַ קויל. ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז דאָס איז מיקולאַשעק, דער דינער פון הער מאַיאָר ווענצל. דאָס איז שוין אַ באַוווּסטע זאַך, אַז ער בלייבט אָן לשון, ווען ער זעט עמיצן פון די הערן אָפיצערן. ער שעמט זיך בכלל צו ריידן. ער איז בכלל, ווי איך האָב אים געזאָגט, אַ פּענטיוך, אַ געשלייערטע לעלע. הער מאַיאָר ווענצל גייען אַוועק אין שטאָט אַריין און לאָזן דאָס איבער אין קאָרידאָר, און

דאָס בלאַנקעט אַרום איבער די באַראַקעס ביי די איבעריקע אָפיצער-דינערס, וואָלט געווען כאָטש, פאַרוואָס מורא צו האָבן, דאָס האָט דאָך אָבער גאָרנישט ניט געטאָן.

שווייק האָט אַפילו אויסגעשפּיען, לויט זיין שטים און לויט דעם, ווי ער האָט גערעדט וועגן מיקולאַשעקן בלשון „דאָס", איז קענטיק געווען, ווי געפאַלן יענער איז ביי אים אין די אויגן פאַר זיין פּחדנות, וואָס פּאַסט גאָרניט פאַר אַ קריגס-העלד.

— אַזוי ערלויבט, הער לייטענאַנט, — האָט שווייק ווייטער גערעדט, — אים ארומצושמעקן.

און שווייק האָט גענומען מיקולאַשעקן, וואָס האָט נאָך אַלץ געקוקט מיט ארויסגעשטאַרצטע אויגן, ווי אַ אידיאָט, אפן לייטע-נאַנט, אַראָפּגעשלעפּט אים פון טיש, אים אַוועקגעשטעלט אַף די פיס און אים באַשמעקט.

— נאָך ניט, — האָט ער געמאָלדן, — נאָר ער הויבט שוין אָן. באַפעלט אים אַרויסצוּוואַרפן?

— וואַרפט אים אַרויס, שווייק.

און שווייק האָט אַרויסגעפירט מיקולאַשעקן, וואָס האָט זיך געטרייסלט פאַר שרעק, אין קאָרידאָר און אַף יענער זייט טיר האָט ער צו אים אַזוי געזאָגט:

— הייסט דאָס אַז איך האָב דיר געראַטעוועט דיין לעבן, דו שוטה בן פּיקהאָלץ. דערפאַר זאָלסטו מיר ברייגגען בשתיקה צו שלעפּן אַ פלעשל וויין, איידער מאַיאָר ווענצל איז געקומען. נו, אָן קאַטאָוועס. ערנסט, איך האָב דיר געראַטעוועט דאָס לעבן. אַז מיין לייטענאַנט איז שכּור, קאָן זיך דאָס אויסלאָזן ניט גוט. נאָר איך אַליין קאָן זיך מיט אים באַגיין, מער קיינער ניט.

— איך...

— אַ פוילע נבלה ביסטו, אָט וואָס — האָט שווייק גע-זאָגט מיט ביטול. — זיץ זיך אַפן שוועל און וואַרט, ביז'ס קומען דיין מאַיאָר ווענצל.

— אָט זייט איר געקומען, — האָט לייטענאַנט לוקאַש מקבל פּנים געווען שווייקן. — איך וויל מיט אייך זיך דורכ-שמועסן. נאָר שטייט ניט ווידער אַזוי שטייף אויסגעצויגן ווי אַ

אידיאָט... זעצט זיך, שוויק. האַלט די מויל און האָרכט זיך צו מיט קאָפּ! ווייסט איר, ווו עס איז אין קיראַליכידע סאָפּראָני־גאַס? פאַרשרייבט זיך אַף אַ פּאַפּירל: „סאָפּראָני גאַס נומער 16. אין יענעם הויז געפינט זיך נאָך אַן אייזן־געשעפט. איר ווייסט, וואָס דאָס איז אייזן־געשעפט? צום טייוול, זאָגט ניט: „גאַנץ ריכטיק!" זאָגט: „איך ווייס" אָדער „איך ווייס ניט". בכן, איר ווייסט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַן אייזן־געשעפט? הייסט דאָס, איר ווייסט? פיין! דאָס געשעפט געהער איינעם אַ מאַדיאַר, אַ געוויסן קאַקאָני. ווייסט איר, וואָס איז דאָס אַזוינס אַ מאַדיאַר? טטטייוול! ווייסט איר אָדער ווייסט איר ניט? איר ווייסט? אויסגעצייכנט! איבערן געשעפט געפינט זיך דער ערשטער גאָרן, און דאָרט וווינט ער. ווייסט איר דאָס? איר ווייסט ניט? איז זאָג איך אייך דאָס, אַז ער וווינט דאָרט. איז דאָס אייך גענוג? גענוג? זייער גוט! אויב דאָס וואָלט אייך ניט געווען גענוג, וואָלט איך געהייסן אַוועקזעצן אייך אין אַרעסט. איר האָט זיך אָנגעמערקט, אַז דעם דאָזיקן טיפּ רופט מען קאַקאָני? מען דאַרף ניט בעסער! הייסט דאָס, מאָרגן פרי, אַזייגער צען, וועט איר אַראָפּגיין אין שטאָט, אופזוכן דאָס דאָזיקע הויז, אַרופגיין אפן ערשטן גאָרן און איבער־געבן פרוי קאַקאָני דעם דאָזיקן בריוו.

און לייטענאַנט לוקאַש האָט אופגעעפנט זיין פּולאַרעס און גענעצנדיק דערלאַנגט שוויקן אַ ווייסן קאָנווערט אָן אַן אדרעס.

דאָס איז זייער אַ וויכטיקער ענין, שוויק, — האָט ער ווייטער גערעדט. — מען מוז שטענדיק זיין געהיט, און דערפאַר, זעט איר, איז אפן קאָנווערט טאַקע קיין אַדרעס ניטאָ. איך פאַר־לאָז זיך אין גאַנצן אַף אייך, אַז איר וועט איבערגעבן דעם בריוו וועמען מען דאַרף. פאַרצייכנט זיך נאָך, אַז מען רופט די דאָזיקע דאַמע עטעלקאַ; פאַרשרייבט אַזוי: „פרוי עטעלקאַ קאַקאָני". איך חזר אייך איבער נאָך אַמאָל, אַז איר מוזט איבערגעבן דעם בריוו ניט אַנדערש צו איר אין די הענט און וואַרטן אַף אַן ענטפער. אַז איר וואַרט אַף אַן ענטפער, דאָס איז אָנגעשריבן אין בריוו... נו, וואָס דאַרפט איר נאָך?

— און אז מען וועט מיר ניט געבן קיין ענטפער, וואָס זאָל איך דעמאָלט טאָן?

דעמאָלט וועט איר איר מוזן דערמאָנען, אז איך מוז קריגן אַן ענטפער, זאָל זיין וואָס עס וויל, — האָט געזאָגט דער לייטע־נאַנט, ווידער אַמאָל מיט אַ ברייטן גענעץ איבערן גאַנצן מויל.— נו, און איצט גיי איך שלאָפן, איך בין היינט שטאַרק מיד. גע־טרונקען האָב איך פון כל המינים. איך מיין, אַז איטלעכער וואָלט זיך איינגעמאַטערט פון אַזאַ אָוונט און פון אַזאַ נאַכט.

לייטענאַנט לוקאַש האָט לכתחילה גאָרניט גערעכנט צו קומען אַהיים אַזוי שפעט. פאַרנאַכט איז ער אַוועק פון לאַגער אין שטאָט אַריין, בכדי אָפּצוזיצן אַ שעה צי צוויי אין מאַדיאַרישן טעאטער אין קיראַליכידע, ווו מען האָט געשטעלט עפּעס אַ מאַדיאַרישע אָפּערעטע מיט אַרטיסטינס, וואָס זייער הויפּט־מעלה איז געווען, וואָס זיי האָבן ביים טאַנצן געהויבן הויך די פיס. לייטענאַנט לוקאַש איז דערפון ניט שטאַרק נתפעל געווען.

דערפאַר אָבער אין דער הפסקה נאָכן ערשטן אַקט האָט ער זיך פאַרקוקט אַף אַ דאַמע, וואָס האָט געשלעפּט אַ הערן אין די מיטלע יאָרן צום גאַרדעראָבע־צימער און האָט ניט אויפ־געהערט צו טענען, אַז זי וויל תיכּף גיין אַהיים און אַז זי וויל ניט קוקן אַף אַזאַ מיאוסקייט. דאָס האָט זי געטענעט גאַנץ הויך אין דייטש, און איר באַגלייטער האָט איר געענטפערט אונ־גאַריש:

— יאָ, יאָ, נשמה מיינע, מיר גייען, מיר גייען. איך בין פולקום מסכים מיט דיר: דאָס איז טאַקע מיאוס.

— ממש אַן עקל! — האָט די אופגערעקטע דאמע זיך געבייזערט, בעת זי האָט אָנגעטאָן דעם מאנטאָ, און אירע אויגן האָבן אַ בלישצע געטאָן פון כעס — גרויסע, שווארצע אויגן, וואָס האָבן אַזוי געפּאסט צו איר שיינער פיגור. דערביי האָט זי אַ קוק געטאָן אפן לייטענאנט לוקאש און נאָך אַמאָל ענערגיש איבערגעחזרט: — עקל, עקל!

דאָס איז געווען אַ ריכטיקער אָנהויב פאַר אַ ראָמאַן אַף איין פוס.

ביי דער גאַרדעראָבע־פרוי איז ער געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז דאָס פּאָרפּאָלק קאָקאָני, און אַז ער, דער מאַן, האָט אַן איין־געשעפט אויף סאָפּראַני־גאַס נומער 16.

— און אַליין וווינט ער מיט זיין פרוי עטעלקא מיט אַ גאָרן העכער, — האָט די גאַרדעראָבע־פרוי אויסגעטייטשט. — זי איז אַ דייטשקע פון סאָפּראָן און ער איז אַן אונגאַר. דאָ איז אַלץ אויסגעמישט.

לייטענאַנט לוקאַש האָט זיך אויך אָנגעטאָן און איז אַוועק אין שטאָט, וווּ ער האָט זיך באַדאַרפט טרעפן אין גרויסן קאַפע־רעסטאָראַן „ערצהערצאָג אַלבּרעכט" מיט עטלעכע אָפיצערן פון 91־טן פּולק.

ער האָט גערעדט ווייניק, נאָר געטרונקען האָט ער וואָס מער, די גאַנצע צייט געקלערט, וואָס זאָל ער דאָס שרייבן אַט דער שיינער דאַמע דער צנועה, וואָס האָט אים אַסך מער גע־נומען, ווי אַט די אַלע „מאַלפּעס" (אַזוי פלעגן די אָפיצערן רופן די אַקטריסעס) אין איינעם.

אין דער בעסטער שטימונג איז ער אַוועק דערנאָך אין קליינעם קאַפע „סאַנקט־סטעפאַן־קרייץ", פאַרנומען אַ באַזונדער קאַבינעט, געהייסן דערלאַנגען זיך אַ פעדער, טינט און פּאַפּיר און אָנגעשריבן דער דאַמע אַ לאַנגען בריוו, ווו ער האָט ביי איר געבעטן אַ זען־זיך.

ער האָט אונטערגעחתמעט זיין נאָמען, פאַרענדיקט דאָס פלעשל קאַניאַק, באַשטעלט נאָך אַ פלעשל און פּאַוואָליע אויס־געטרונקען גלעזל נאָך גלעזל...

* * *

עס איז שוין געווען צען אַזייגער אינדערפרי, אַז שווייק האָט געוועקט זיין לייטענאַנט.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, — האָט ער געטענעט, — אַז איר האָט שוין פאַרשלאָפן דעם אָנהויב פון מושטיר, און איך מוז שוין גיין מיטן בריוו קיין קיראַליכידע. איך האָב אייך געוועקט זיבן אַזייגער, דערנאָך האַלב אַכט, דערנאָך אַכט,

אז אונדזערע זיינען אוועק אפן מושטיר, און איר האָט זיך ערשט איבערגעדרייט אף דער צווייטער זייט, הער לייטענאנט... הערט נאָר, הער לייטענאנט...

לייטענאנט לוקאַש האט עפּעס א בורטשע געטאן אונטערן נאז און ווידער אמאָל געוואלט זיך שוין איבערקערן אף דער צווייטער זייט, נאָר דאָס האט אים ניט אפּגעגאָלטן, וואָרום שווייק האָט אָן רחמנות אים געטאָרקעט און ארייגעשריען אים גלייך אין אויער אריין:

— הער לייטענאנט, איך גיי מיטן בריוו קיין קיראליכידע.

— מיט וואָסער בריוו? — האט דער לייטענאנט א געגעץ געטאָן. — אך יא, מיט יענעם... דער דאזיקער בריוו איז א קאָנפידיציעלע זאַך, פארשטייט איר? דאס איז, אזוי צו זאָגן, א סוד צווישן אונדז ביידן. איר מעגט גיין.

דער לייטענאנט האָט זיך ווידער איינגעוויקלט אין דער קאלדרע, וואָס שווייק האָט פון אים געהאַט אראָפּגעשלעפּט, און איז זיך ווייטער אנטשלאָפן געווארן, און שווייק איז אוועק קיין קיראליכידע.

געפונען די סאָפּראני־גאַס און דעם נומער 16 אף איר וואלט ניט געווען באַזונדערס שווער, אויב ער וואלט צופעליק ניט געטראָפן זיינעם אן אלטן ידיד, דעם סאַפּיאָר וואדיטשקא, וואָס איז געווען צוגעקאָמאנדירט צו א שטייערישן פּולק, וואָס זיין קאזארמע האט זיך געפונען ניט ווייט פון לאַגער. וואָדיטשקאַ האָט מיט עטלעכע יאר צוריק געוווינט בשכנות מיט שווייקן אין פּראג, און עס איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, וואָס זיי זיינען ביידע אריין אין שיינקל „רויט לעמעלע" און בכון, ווו זייער א באקאנטע, מיטן נאָמען רוזשענקא, האט געדינט פאר א קעלנערין. זי איז געווען אַ טשעכין, און אלע פרייוויליקע טשעכן, וויפיל עס זיינען געווען אין לאגער, האבן געהאט ביי איר קרעדיט.

— ווּהין טראגסט דיך, בעצם, דאָס גוטע יאר? — האָט געפרעגט וואָדיטשקאַ, אז זיי האָבן אויסגעטרונקען צו איין גלעזל.

— דאס איז, ברודער־לעב, א סוד, — האט געענטפערט שווייק. — נו, מילא, דיר, ווי אן אלטן גוטן ברודער, מעג איך דאס אויסזאגן.

און ער האט אים טאקע דערציילט אלצדינג מיט אלע פרטים, און וואדיטשקא האט געמאלדן, אז ער איז אן אלטער סאפיאר און ער קאן ניט לאזן שווייקן אליין, און דערפאר וועלן זיי אפטראגן דעם בריוו ביידע.

זיי האבן זיך ביידע פארטיפט אין א שמועס מכח די גוטע אלטע צייטן, און אז זיי זיינען נאך צוועלף ארוים פון „רויטן לעמעלע" האט זיך זיי אלצדינג אויסגעוויזן גרינג און פשוט.

חוץ דעם, איז ביי זיי געווארן א פעסטע איבערצייגונג, אז זיי האבן פאר קיינעם און פאר קיין זאך ניט קיין פחד, וואדיטשקא האט דעם גאנצן וועג ביז צו סאפראני־גאס ארויסגעוויזן א מורא־דיקע שנאה צו די מאדיארן און האט ניט אויפגעהערט צו בארימען זיך, ווי אזוי ער האט שטענדיק געמאכט מיט זיי געשלעגן, ווען און וווּ ער האט זיך מיט זיי געשלאגן און ווי אזוי און וווּ האט מען אים געשטערט זיך צו שלאגן מיט זיי.

— מיט איין ווארט, די מאדיארן זיינען א מיאוסע אומה,— האט ער פארענדיקט זיינע מעשיות. דערויף האט אים שווייק געענטפערט מיט א פראסטן שכל:

— כלעבן, אמאל איז א מאדיאר גאר ניט שולדיק, וואס ער איז א מאדיאר.

— וואס הייסט: ער איז ניט שולדיק? — האט זיך וואדיטשקא צעקאכט. — שטותעריי! איטלעכער ענטפערט פאר זיך. איך וואלט געוואלט, זיי זאלן דיר אויך אפשפילן אזא טענצל, ווי מיר, ווען איך בין דא אנגעקומען אף קורסן. באלד דעם ערשטן טאג האט מען אונדז אריינגעטריבן אין קלאס, אזוי ווי א שטאדע שעפסן, און עפעס איינער א שמענדער־האץ האט גענומען אויס־צייכענען און אויסטייטשן, וואס איז דאס אזוינס, מיט רעשפעקט צו מעלדן, א בלינדאזש, ווי אזוי פארלייגט מען אין אים די פונדאמענטן און ווי אזוי מאכט מען אים און ווי אזוי מעסט מען אים, און ער האט געלאזט וויסן, אז ווער ס'וועט מארגן ניט

אָנצייכענען, וועט ווערן באשטראפט מיט ארעסט אָדער צוגעבונדן צום סלופ. „כאַפּט דאס דער שווארצער יאר! — טראכט איך בײ זיך. — וואָס בין איך דא געקומען אהער אף די דאזיקע קורסן? זיך ארויסצומאכן פון פראנט אָדער צו קריצלען דא אלע אוונט מיטן בלײפעדל אין העפטל, ווי א שול=אינגל?" און דא האט מיך אנגעכאפּט אַזאַ כּעס, אז עס איז פּשוט ניטא קיין כּח איינצוזיצן אף אן אָרט, און איך האָב אפילו אָנקוקן ניט געקאָנט אט דעם שמענדריק, וואָס האָט אונדז דאס אלץ אויסגעטײטשט. מער פון אלץ וואָלט איך געוועז א בלען צו צעטראַשקען אלצדינג — אט סאַראַ רציחה ס'האט זיך געקאָכט אין מיר. איך האָב אפילו ניט דערווארט זיך אף קאווע און בין גלײך פון באראק אוועק קיין קיראַליכידע און פון כּעס האָב איך וועגן קיין אנדער זאַך ניט געקלערט, ווי געפינען עפּעס אַ שטיל ווינקעלע, וווּ איך זאָל קאנען זיך אָנטרינקען ווי עס געהער צו זײן און אנסקאנדאלעווען און עמיצן אנבײקערן די בײנער און דערנאָך רואיק זיך אוועקגײן אהיים. נאָר א מענטש טראַכט, און גאָט לאכט. איך האָב טאקע געפונען אפן ברעג טײך א לאָקאַל איינעם, א שטילן אזוינעם, ווי א קאפּליצע, מיט איין ווארט, ווי געשאפן אף צו מאכן סקאַנדאַל. געוועזן זײנען דארט סך הכּל צוויי באַזוכערס, וואס האָבן געשמועסט צווישן זיך אונגאַריש. דאס האָט מיר פאַרכאַפּט פארן האַרצן, און היות ווי איך בין געוועזן א סך שכּורער, ווי איך האב געמיינט, האָב איך אין אַזאַ צושטאַנד גאר ניט באמערקט, אז בּשכנות איז געוועזן נאך א לאָקאל, וואָס אהין האָבן זיך פארקליבן, בעת איך האָב געמאַכט די דאָזיקע הכנות, א מאַן אכט הוסארן, וואס האָבן זיך גענומען פאַר מײנע בײנער, ווי נאָר איך בין נאָר אָט די צוויי איינזאַמע באַזוכער פאַרפאָרן אין די שניים אריין, אָט די לאָבוסעס, די הוסאַרן, האָבן מיך אזוי ארומגעפּוצט און ארומגעיאגט איבער די סעדער, אַז ערשט אינדערפרי בין איך געקומען אהיים, און דערנאָך האָב איך געמוזט זיך אוועקלײגן אין לאזארעט, ווו איך האָב דערצײלט א באָבע=מעשה, אז איך בין ארײנגעפאַלן אין א גרוב, ווו מען ברענט ציגל. דערנאך האט מען מיך א גאַנצע וואך געקײקלט אין נאַסע לײלעכער, בכדי דער רוקן זאָל ניט כאַפּן קיין

אַנטצינדונג. נײַן ברודער לעבן מען דאַרף זיך ניט ווינטשן אַרײַנצו־ פאַלן צו זײ אין די לאַפּעס. דאָס זײַנען זאָג איך דיר, ניט קײן מענטשן, נאָר חיות רעות.

אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש, — האָט געזאָגט שווייק. — וואָס זשע חידושסטו זיך, אַז זײ זײַנען געווען ברוגז, ווי באַלד זײ האָבן געמוזט לאָזן שטײן אויפן טיש זײער ווײַן און יאָגן זיך נאָך דיר אין דער פינצטער איבער די סעדער? זײ האָבן באַדאַרפט זיך אָפּרעכענען מיט דיר גלײַך אויפן אָרט, און דערנאָך אַרויסזעצן דיך פון לאָקאַל, פאַר זײ וואָלט געווען גלײַכער, און פאַר דיר אויך, אויב זײ וואָלטן אָפּגערעכנט מיט דיר נאָך בײַם טיש. איך האָב געקענט אַ שײַנקער אין ליבען, פּאַרובעק האָט ער געהײסן. אײן מאָל האָט אײנער אַ דראָט־אַרבעטער זיך אָנגעטרונקען בײַ אים און האָט גענומען יענטשען און נודיען, אַז דער בראַנפן איז שוואַך, אַז דער שײַנקער מישט אים מיט וואַסער, אַז אויבער, דער דראַ־ טער, וועט אַרבעטן כאָטש הונדערט יאָר און וועט קויפן דעם דאָזיקן בראַנפן אויף גאָר זײַן פאַרדינסט און אויסטרינקען דאָס מיט אײן מאָל, וועט ער דעמאָלט נאָך קאָנען דורכגײן איבער אַ דראָט, און דערצו נאָך מיט אים, מיט דעם פּאַרובעקן אויף די הענט און דערנאָך האָט ער נאָך געזאָגט דעם פּאַרובעקן, אַז ער איז אַ כּלב בן כּלבה און אַ בלוט־זויגער! דאָס האָט שוין אונדזער פּאַ־ רובעק ניט אויסגעהאַלטן, אַ כאַפּ געטאָן אים, אָנגעקלאַפּט אים מיט זײַנע אײַזנשטײַגלעך און מיט זײַנע איבעריקע דראָט־אַרבעטן איבערן שאַרבן און אַרויסגעשלײַדערט אים דורכן טיר, און אויפן גאַס האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן, וואָס מען פאַרמאַכט מיט אים די לאַדנס און האָט אין אים אַרײַנגעצימבלט, וויפיל אין אים איז אַרײַן, ביזן אינוואַלידן־פּלאַץ איז ער פון אים ניט אָפּגעשטאַנען. און אַז ער האָט זיך שוין צעקאָכט, האָט ער אים דורכגעטריבן נאָך דורכן אינוואַלידן־פּלאַץ און קאַראָלינענטאַל ביז זשיזשקאָוו, און פון דאָרט קײן מאַלעשאָוויץ, און דאָרט ערשט האָט ער צעבראָכן אויף אים דעם שטעקן און האָט געמוזט זיך אומקערן. מילא בקיצור, איז דאָך גוט. נאָר אין אימפּעט האָט ער גאָר פאַרגעסן, אַז בײַ אים אין שײַנק זײַנען נאָך געבליבן געסט, און אַז די דאָזיקע

מאַרעווויכערס האָבן מסתמא אָן אים געמאַכט דאָרט נישקשה פֿון א טאַלק, און כּך הוה. אַז ער איז געקומען צוריק אין שײנק, האָט ער דאָס באַלד דערזען, די פֿענצטער זײַנען געווען האַלב פֿאַר־מאַכט, און אין טיר זײַנען געשטאַנען צוויי פּאָליציסטן, שכּורע ביז גאָר, וואָס האָבן דאָרט געמאַכט אָרדענונג. די משקה זײַנע איז געווען אויף דערהעלפֿט אויסגעטרונקען, אויף דער גאַס האָט זיך געוואַלגערט אויסגעליידיקט א פֿעסל פֿון ראָם, און אונטערן טאָמ־באַנק האָט פֿאַרוּבעק געפֿונען צוויי טויט שכּורע פֿאַרשווינען, וואָס די פּאָליציסטן האָבן זיי אין היילעניש ניט באַמערקט. און אַז ער האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פֿון דאָרטן, האָבן זיי געוואָלט אים באַ־צאָלן צו צוויי גרײַצערס, ווײַל מער יאַקאָש ווי פֿאַר דעם געלט האָען זיי ניט אויסגעטרונקען. אָט דאָס האָט מען דערפֿון, ווען מען היילט זיך צופֿיל! דאָס נעמלעכע קענסטו זען אויף דער מלחמה. צוערשט צוקלאַפּן מיר דעם שונא דערנאָך יאָגן מיר אים נאָך פֿוס טריט, און סוף כּל סוף האָבן מיר קוים צײַט אויף א ויברח...

— איך האָב זיי, די דאַזיקע רוצחים, גוט פֿאַרגעדיינקט, — האָט זיך אָפּגערופֿן וואַדימשקאַ. — זאָל נאָר אַרײַנפֿאַלן צו מיר אין די הענט איינער פֿון די הוסאַרן די דאָזיקע, וואָלט איך אים שוין באַוויזן! בײַ אונדז, סאַפּיאָרן, ווען מיר צעקאַכן זיך, איז ניט קיין קאַטאַוועס! בשעת מיר זײַנען געווען אָפּן פֿראָנט בײַ פּערע־מישל, איז דאָרט געווען בײַ אונדז אין דער ראָטע א קאַפּיטאַן יעצבאַכער, אַזאַ כּלב שבּכּלבים, וואָס זײַן גלײַכן ניט צו געפֿינען. אָט איז דאָס א מענטש אונדז דערגאַנגען די יאָרן! אויף אַזוי פֿיל, אַז איין סאָלדאַט פֿון אונדזער ראָטע, בּיטערליך, א דײַטש, גאָר א לײַטישער מענטש, האָט זיך דערשאָסן איבער אים. דעמאָלט האָבן מיר זיך געגעבן א וואָרט, אַז ווי נאָר די רוסישע קוילן וועלן נעמען פֿײַפֿן, האָט קאַפּיטאַן יעצבאַכער געגוג געלעבט. און די רוסן האָבן קוים באַוויזן צו געבן פֿײַער, ווי מיר האָבן אין קאַפּיטאַן אַרײַנגעשאָסן פֿינף קוילן... נאָר דער דאָזיקער מנוול האָט געהאַט אין זיך לעבן, ווי א קאַץ, אַזוי אַז מיר האָבן געמוזט אים שוין דערענדיקן מיט נאָך צוויי קוילן, בכדי די מעשה זאָל ווי עס

איז ניט ארויס. און ער האט נאר א קוויטש געטאן, ווי א חזירל, אזוי קאָמיש... מען האט געקאנט פלאצן פון געלעכטער.

וואָדיטשקאַ האט זיך צעלאַכט.

— דאס טרעפט אפן פראנט אלע ווײלע. מײנער א חבר, וואס איז איצט אויך בײ אונדז אין פולק, האט מיר דערצײלט, אז בשעת זײ זײנען געגאנגען מיט א פוסגײער־פולק אף בעל־גראד, האט זײער ראטע דערשאסן, בעת דער שלאכט, זײער לײטענאנט, אויך אזא כלב, וואס האט בעתן מארש מיט די אײגענע הענט אוועקגעלײגט צווײ סאלדאטן, ווײל זײ זײנען געבליבן אן כחות און האבן ניט געקאנט גײן װײטער. דער דאזיקער, אז ער האט געהאלטן בײ דער פגירה, האט ער פלוציס גענומען אויספײפן דעם סיגנאל צום אפטרעטן... חברה ארום האבן זיך ממש געהאלטן בײ די זײטן לאכנדיק.

צום סוף פון אט דעם לײטישן און טיפן שמועס האבן שווייק און וואדיטשקא סוף כל סוף אפגעזוכט דאס אײזן־געשעפט פון הער קאקאני אף סאפראני־גאס נומער 16.

— דו װאלסט גלײכער באדארפט דא בלײבן װארטן אונטן, — האט געזאגט שווייק צו וואדיטשקא בײ דער פאראד־טיר. — איך װעל נאר ארופלויפן אפן בעל־עטאזש, איבערגעבן דעם בריוו, אפװארטן דעם ענטפער און קום באלד צוריק אראפ.

— איך זאל דיך לאזן אײנעם אלײן? — האט וואדיטשקא זיך פארחידושט. — דו קענסט ניט די דאזיקע מאדיארן, זאג איך דיר נאך אמאל. דא באדארף מען זײן געהיט ביז גאר. איך װעל אים מאכן אן אילומינאציע, אז...

— הער זיך אײן, וואדיטשקא, — האט שווייק געזאגט ערנסט: — דא איז דאך ניט קײן עסק מיט א מאדיאר, נאר מיט א דאמע. איך האב דיר דאך אלץ שוין אויסגעטײטשט, בעת מיר זײנען געזעסן אין שײנקל, אז איך טראג א בריוו פון מײן לײטענאנט, און אז דאס איז א גרויסער סוד. מײן לײטענאנט האט מיך פארשווארן, אז קײן אײן לעבעדיקער נפש טאר װעגן דעם ניט װיסן. און דו אלײן האסט דאך דערצו מסכים געװען.

איך האב דאך דיר אויסגעטייטשט, אז איך מוז פינקטלעך אויס־
פירן מיין לייטענאנטס באפעל, און דא מיט אמאל ווילסטו
ארויף צוזאמען מיט מיר.

— דו קענסט מיך נאך ניט, שוויק, — האט געענטפערט
מיט דער זעלבער ערנסטקייט דער אלטער סאפיאר ווואדיטשקא. —
וויבאלד איך האב געזאגט, אז איך באגלייט דיך, דארפסטו וויסן
זיין איין מאל פאר אלע מאל, אז מיינס א ווארט באשטייט אנט־
קעגן הונדערט אן אנדערנס. אז צוויי גייען, איז שטענדיק
זיכערער.

— ווארט, וואדיטשקא, איך וועל דיך נאך איבעררייידן. דו
ווייסט, ווו עס איז אין ווישעגראד די כעקלאנער גאס? אט דארט,
אף אט דער גאס האט דער שלאסער וואבארנעק געהאט א
ווארשטאט. דאס איז געווען א מענטש מיט הארץ, און איין מאל,
אז ער האט זיך פארהוליעט און איז דערנאך געקומען אהיים,
האט ער מיט זיך מיטגענומען אף נאכט־לעגער זיינעם א גוטן
ברודער, אויך פיין בגילופין. מילא בקיצור, נאך אט דער מעשה
איז ער אפגעלעגן עטלעכע טעג, און איטלעכס מאל, אז די
ווייב פלעגט אים איבערבינדן דעם צעממיתטן קאפ, פלעגט זי
טענען: „אט זעסטו, מיין טייערער, וואלט איר געקומען אהיים
ניט זאלבענאנד, וואלט געווען נאר איין סקאנדאל און איך וואלט
דיר ניט א כמאליע געטאן איבערן קאפ מיטן דעצימאל־וואג".
און ער, אז ער איז שוין געווען בכח צו ריידן, האט ער איר
געענטפערט: „ביסט גערעכט, מיין קרוין, און אז איך וועל א
צווייטן מאל גיין ערגעץ, וועל איך שוין קיינעם מער ניט מיט־
ברענגען".

— מער וואלט ניט אויסגעפעלט, — איז וואדיטשקא גע־
ווארן אן אופגעקאכטער, — אז אט די מאדיארישע קישקע זאל
אונדז א כמאליע טאן מיט עפעס איבערן קאפ. אזאס! איך וועל
אים דאס א נעם טאן פארן גארגל און א שליידער אראפ איבער
דער טרעפ, אז ער וועט בײ מיר פליען ווי א שראפנעל. מיט
די דאזיקע מאדיארן מאכט מען ניט קיין מחזוקות. פאראן אף
וואס צו קוקן!

— וואדימשקא, נשמה מיינס, דו האסט דאך גאר ניט אזוי פיל געטרונקען. איך האב מיט גאנצע צוויי קווערטלעך מער פון דיר אויסגעטרונקען. דו טו נאר א קלער, אז מיר טארן ניט מאכן קיין סקאנדאל איך וועל דאך מוזן ענטפערן דערפאר. דא איז דאך אין דער מיט א פרויענספארשוין.

— איך וועל אויך א פרויענספארשוין אריינזאגן, אויב מען וועט דארפן, שווייק. דאס איז מיר אלץ איינס. דו קענסט נאך ניט דעם אלטן וואדימשקא. געווען א מעשה אין זאבאליע, אפן רויזן=אינזל, האט דארט איינע א מאמזעלקע ניט געוואלט מיט מיר טאנצן, וואסי? ביי מיר איז קלאמפערשט די צורה פאר=שוואלן, די צורה איז ביי מיר טאקע געווען פארשוואלן, ווארום איך בין אקארשט געווען געקומען פון א טאנץ=לאקאל אין האסטי=וואר. נאר דו טו נאר א קלער, ווי האב איך דאס באדארפט ליידן אזא באליידיקונג פון אזא חצופה! „נו, אויב אזוי, זאג איך, זאל ביי אייך, פרייליין, אויך זיין אזא צורה, עס זאל אייך ניט זיין אומעטיק". און אז איך האב איר דאס אראפגעלאזן דעם פיינעם פראשק, האט זי איבערגעקערט אין גארטן דעם טישל מיט אלע גלעזער, ווו זי איז געזעסן מיטן פאטער און מיט דער מוטער און מיט צוויי ברידער. נאר איך האב זיך ניט איבערגעשראקן פארן גאנצן רויזן=אינזל. איך האב דארט געהאט באקאנטע חברה פון ווירשאוויץ, און זיי האבן מיר א קאפעליע אונטערגעהאלפן. האבן מיר דארט צעממיתט א משפחות פינף זעקס מיט די קינדער. דעם טומל מיטן געשריי האט מען געהערט אזש ביז מיכלע, און דערנאך האט מען געשריבן אין די בלעטער וועגן אט דעם יום=טוב, איך געדיינק ניט פון וואסער פאריין... און דערפאר, ווייל אנדערע האבן מיר געהאלפן, בין איך שטענדיק גרייט צו העלפן א חבר, אויב עס מאכט זיך וואס. און דיך וועל איך ניט אפלאזן פאר קיין געלט ניט. דו קענסט נאך ניט, ברודער=לעב, די דאזיקע מאדיארן און דו'סט דאך ניט וועלן מיך אזוי פארשעמען. אז דו וועסט מיך אפשטויסן איבערגעוואלד, נאך אזוי פיל יאר, ווען מיר האבן זיך ניט געזען.

— מילא, זאל שוין זיין ווי דו ווילסט, — האט שווייק

זיך געלאזט איינבעטן. — נאר מען דארף זיין געהיט, עס זאל עפּעס ניט ארויס.

— נישקשה, האָב קיין מורא ניט, חבר, — האט וואדיטש־קא געזאגט שטילערהייט, בעת זיי זיינען געגאנגען ארויף די טרעפּ. — איך וועל אים אזוי אריינפארן...

און נאך שטילער האט ער מוסיף געווען:

— דו'סט זען, דער דאזיקער מאדיארישער נבזיק וועט אונדז אנקומען ווי א האר פון מילך...

* * *

שווייק און וואדיטשקא זיינען געבליבן שטיין פאר דער טיר פון דער וווינונג פון הער קאקאני. נאר איידער ער האט א קוועטש געטאן דאס קנעפּל פון עלעקטרישן גלעקל, האט שווייק נאך אמאל געפּרוווט צו ווירקן אף זיין חבר.

— דו וואדיטשקא, דו האסט אמאל געהערט, אז געהיט־קייט איז די מוטער פון קלוגשאפט.

— מיין דאגה, — האט יענער געענטפערט. — אז ער וועט ניט באווייזן צו עפענען דעם פּיסק, ווי איך...

— יך האָב זיך אויך ניט מיט וועמען צו צאצקען, ברודער וואדיטשקא.

שווייק האט אנגעקלונגען, און וואדיטשקא האט הויך אפן קול ארויסגערעדט:

— איינס, צוויי, דריי — און ער פליט ביי מיר פון טרעפּ ווי א קייקעלע.

די טיר האט זיך געעפנט. א דינסט האט א פרעג געטאן אין אונגאריש, וואס זיי באדארפן.

— פארשטייען ניט, — האט וואדיטשקא געענטפערט מיט ביטול. — וואלסט זיך באדארפט אויסלערנען טשעכיש, יפּפיה.

— און דייטש פארשטייט איר? — האט געפרעגט שווייק.

— א ביסל.

— איז זאגט דער מאדאם, אז איך באדארף זי זען. זאגט איר, אז פאר איר איז פאראן א בריוו פון א הער, וואס ווארט אין וועסטיבול.

— מיר איז אף דיר א חידוש, — האט וואדיטשקא באַמערקט, אז זיי זיינען אריין אין פאדער־צימער, — וואס דו רעדסט גאר מיט אזא שטיק פגירה.

זיי זיינען שוין געווען אין פאדער־צימער, צוגעמאכט די טיר, און שווייק האט געזאגט:

— זיי ווינען זיך גאנץ פיין!.. אפילו צוויי, פאראסאלן אין געשטעל, און דאס בילדל אין רעמל איז טאקע גאר נישקשה.

— פון צימער, פון וואנען עס האט זיך געלאזט הערן לעפל קלינגען און טעלער בראזגען, האט זיך ווידער באוויזן דאס דינסטמיידל און האט געזאגט צו שווייקן:

— מאַדאַם זאָגט, — זי איז פארנומען, אויב וואס איבערגעבן, געבן מיר.

— מילא, גוט, — האט שווייק ארויסגערעדט פייערלעך. — איז נא אט, פאר דער מאַדאַם אַ בריוו נאר — שא שטיל!

ער האט ארויסגענומען לייטענאנט לוקאש בריוו.

— איך, — האָט ער ווייטער גערעדט, טייטנדיק אף זיך מיטן פינגער, — בלייב ווארטן אף אן ענטפער דא, אין פאָדער־צימער.

— וואס זשע זעצטו זיך ניט? — האָט אַ פרעג געטאן וואָדיטשקא, וואס האט זיך שוין אנידערגעזעצט אף א שטול ביי דער וואַנט. — אָן דארט איז פאר דיר א שטול. דארפסט דאך ניט שטיין, ווי א בעטלער. פאַל ניט אראפ ביי זיך פאר דעם מאַדיארישן ניבזיק. אט וועסטו זען, אז ער וועט פרווון אונדז אנטאן עפעס, נאָר איך וועל אים אזוי איינפעפערן...

— העד זיך איין, — האט ער אנגעהויבן אין אַ ווילע ארום, — ווו האסטו זיך דאס אויסגעלערנט אזוי בריהש דייטש?

— אליין פון זיך — האט געענטפערט שווייק.

ווידער אמאל איז געווארן שטיל. נאר פלוצים איז אין צימער, ווו אהין די דינסט האט אריינגעטראָגן דעם בריוו, געווארן א מוראדיקער רעש און א געשריי. עמיצער האט מיט עפעס א שווערע זאך א זעץ געטאן אָן דיל; מען האט דייטלעך געקאנט ארויסהערן, אז דארט זיינען צעשמעטערט געווארן אף פיץ-פיצלעך גלעזער און טעלער, און אט אין דעם בראַזג פון די צעבראכענע כלים האבן זיך אריינגעמישט קללות מיט כפול-שמונהדיקע זיד-לערייען אין אונגאריש.

די טיר אין פאדער-צימער האט געגעבן א פראל אויף, און אהין איז אריינגעפאלן א מאַן אין די מיטעלע יארן מיט א סערוועטל ארומגעבונדן ארום האלדז. ער האט ווי משוגע ווילד געפאכעט מיטן אָקאָרשט דערלאנגטן בריוו.

דער אלטער סאַפּיאר וואָדיטשקא איז געזעסן נעענטער צו דער טיר, און דער אויפגערעקטער העד האָט זיך קודם כל ארויפגעווארפן אף אים:

— וואָס זאָל דאָס באַטייטן? ווו איז דאס דער עזות-מוצחין-פנים, וואס האט געבראַכט דעם דאָזיקן בריוו?

— פאוואָליע, פאוואליע, האט ארויסגערעדט וואָדיטשקא, אויפשטייענדיק. דו צעלאז זיך ניט צופיל אף א קול, אויב דו ווילסט ניט באלד ארויספליען פון דאנען. און אויב דו האסט חשק צו וויסן, ווער עס האָט געבראַכט דעם בריוו, מעגסטו פרעגן אָן יענעם חבר. נאר ריידן זאָלסטו מיט אים מעשה סטאַטעק, אניט ביסטו אין איין צוויי-דריי אף יענער זייט טיר.

איצט איז שוין אויסגעפאלן אף שווייקס גורל צו איבערצייגן זיך, וויפיל מאָס רייד עס פארמאָגט אָט דער אויפגערעקטער העד מיטן סערוועטל אונטער דער געמבע, וואָס האט געפלוידערט ניט געשטויגן ניט געפלויגן, צווישן אנדערע זאכן מכח דעם, אז זיי זיינען גראד געזעסן ביי ווארימעס.

— מיר האבן געהערט, אז איר עסט ווארימעס, — האט שווייק באַשטעטיקט אין א געבראכענעם דייטש און האט ווייטער גערעדט טשעכיש: — מיר וואָלטן אפשר אליין געמעגט זיך אנ-שטויסן, אז אומזיסט האבן מיר אייך געשטערט פון ווארימעס.

— זיי ניט אזוי געפאלן ביי זיך, — האט אים באמערקט וואָדימשקאַ.

דער אויפגערעקטער הער, וואס האָט אזוי שטארק געמאכט מיט די הענט, אז זיין סערוועטל האָט זיך געהאלטן נאָר מיט איין עק, האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען, אז צוערשט האט ער געמיינט, אז אין בריוו ווערט גערעדט וועגן א לאָקאל פאר מילי־טערישע צוועקן אין דעם הויז, וואס געהערט זיין פרוי.

— מהיכא תיתא, דאָ וואָלט מען געקאָנט איינקוואטירן א סך מיליטער־לייט, — האָט געענטפערט שווייק: — נאָר אין בריוו איז די רייד ניט מכח דעם, ווי איר האָט געקאָנט אליין זיך איבערצייגן.

דער אויפגערעקטער הער האָט זיך געכאפּט פאַרן קאָפּ, ארויסשליידערנדיק שטראָמען גאַנצע פון טענות. ער איז אַליין, יאַקאָש, א רעזערוו־וויצע־לייטענאנט און וואָלט גערן געוועזן צו דינען, נאָר ער ליידט פון די נירן. אין זיין צייט זיינען אָפיצערן ניט געווען אזעלכע עזות־פנימער, אַז זיי זאלן וועלן פרווון צו־שטערן א שלום־בית. דעם בריוו וועט ער צושטעלן דוהבן קאָמאַנ־דיר פון פולק דעם קריגס־מיניסטעריום און וועט אים לאָזן אָפדרוקן אין די בלעטער.

— חשובער הער, — האָט שווייק געזאגט מיט ווערדע, — דעם דאָזיקן בריוו האָב אין אליין אנגעשריבן, איך האב אים אנ־געשריבן, און ניט דער לייטענאַנט. די חתימה און דער נאָמען זיינען אויסגעקלערט. מיר געפעלט זייער א־ער פרוי. איך האָב ליב אייער פרוי. איך בין פאַרליבט אין אייער פרוי ביז איבער די אויערן, ווי יובבליצקי פלעגט זאָגן, א דאמע אן אויסנאם!

האט דער אויפגערעקטער הער געוואָלט זיך א ווארף טאָן אף שווייקן, וואָס איז געשטאַנען פאר אים רואיק און שטארק קאָנטעט פון זיך; נאָר דער אלטער סאַפּיאר וואָדיטשקאַ, וואס האָט געלאָקערט אף איטלעכער באוועגונג זיינער, האט אים אונטער־געשטעלט א פיסל, ארויסגעריסן אים פון האַנט דעם בריוו, וואס ער האָט ניט אויפגעהערט די גאַנצע צייט צו פאָכען מיט אים, און האָט אים אריינגעשטעקט אין קעשענע; און אַז הער קאַקאָני

האָט זיך אויפגעהויבן פון דיל, האָט וואָדיטשקאַ אים אַ כאַפּ געטאָן, צוגעשלעפּט צו דער טיר, אויפגעעפנט זי מיט איין האַנט און... שוין האָט מען געקאָנט הערן, ווי עפּעס שווערס קייקלט זיך אַראָפּ איבער די טרעפּ.

דאָס אַלץ איז געשען אַזוי גיך, אַזוי ווי אין אַ מעשהלע, בעת דער טייוול שלעפּט אַוועק אַ מענטשנס נשמה.

פונם אויפגערעקטן הער איז איבערגעבליבן נאָר דאָס סערוועטל. שווייק האָט דאָס אויפגעהויבן און העפלעך אָנגעקלאַפּט אין טיר פון צימער, פון וואַנען עס איז פינף מינוט צוריק אַרויסגעשפּרונגען הער קאַקאָני און פון וואַנען עס האָט זיך איצט געלאָזט הערן דאָס געוויין פון אַ פרוי.

— אַט האָב איך אייך געבראַכט דאָס סערוועטל, — האָט שווייק זיך געווענדט מעשה אַדלמאַן צו דער דאַמע, וואָס האָט געוויינט צוגעשפּאַרט צום ווינקל דיוואַן, — מען קען נאָך אַמאָל אָפּ דעם אַרויפטרעטן. פאַרבלייבט געזונט.

און ער האָט צוגעקלאַפּט מיט די קאָרקעס, צוגעשטעלט די האַנט צום דאַשעק און איז אַרויס אַפּן טרעפּ. אין פירהויז איז ניט געווען קיין סימן פון קאַמף. וואָדיטשקאַ איז געווען גערעכט: אַלץ איז אַראָפּ לייטיש-שטיל. נאָר אַפּן גאַס ביי דער פאַראַד-טיר האָט שווייק געפונען אַ צעריסן געפּרעסט קעלנערל, קענטיק, אַז דאָרט האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע, בעת דער הער קאַקאָני האָט מיט אַלע כחות זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער דרויסן-טיר, בכדי ניט צו ווערן אַרויסגעוואָרפן אַפּן גאַס.

דערפאַר איז אין גאַס געווען לעבעדיק. דעם הער קאַקאָני האָט מען אַריבערגעטראָגן אין הויז קעגנאיבער, ווו מען האָט אים ראשית חכמה באַגאָסן מיט וואַסער; אין מיטן גאַס איז געשטאַנען, ווי אַ צעווילדעוועטער לייב, דער אַלטער סאַפּיאָר וואָדיטשקאַ און אַנטקעגן אים עטלעכע האָנווערדס און האָנווער-הוסאַרן, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר זייער לאַנדסמאַן. וואָדיטשקאַ האָט קונציק געשלאָגן זיך מיט זיין לעדערנעם גאַרטל. און ער איז געווען ניט

אליין. נעבן אים האָבן זיך געשלאָגן עטלעכע טשעכישע סאָלדאַטן פון פאַרשיידענע פולקן, וואָס זיינען צופעליק געגאַנגען פאַרביי.

ווי שווייק האָט שפּעטער דערציילט האָט ער אליין ניט געוווּסט, ווי אַזוי איז ער דאָס אַריין אין דעם געשלעג, און היות ווי ער האָט קיין לעדערנעם גאַרטל ניט געהאַט, ווי אַזוי בײַ אים אין האַנט האָט זיך אײַנגעפונען אַ שטעקן פון עפּעס אַ דערשראָ־קענעם פאַרבייגייער.

דער געשלעג האָט געדויערט היפּש לאַנג, נאָר אַזוי ווי אַלץ גוטס אין דער וועלט, האָט ער אויך זיך געענדיקט. עס איז אָנגעקומען אַ פּאַטרול און האָט אַלעמען צוגענומען.

שווייק איז זיך געגאַנגען מיטן שטעקן אויפן אַקסל, אַנשטאָט אַ ביקס, זײַט בײַ זײַט מיט וואָדיטשקאַ.

דער אַלטער סאַפּיאָר וואָדיטשקאַ האָט דעם גאַנצן וועג געשטומט. און נאָר אַז זיי זיינען געקומען אויף דער הויפּט־וואַך, האָט ער מרה־שחורהדיק אַ זאָג געטאָן צו שווייקן:

— נו, וואָס, האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז דו קענסט ניט די דאַזיקע מאַדיאַרן?

## 5.

# פרישע צרות.

פּולקאָווניק שרעדער האָט געקוקט אויף לייטענאַנט לוקאַשם בלאַסן פּנים מיט די גרויסע טונקעלע רעדער אונטער די אויגן, געקוקט און געפּרעגלט זיך פון נחת. דער לייטענאַנט איז געווען אַזוי מבויש, אַז ער האָט ניט געקוקט אויפן פּולקאָווניק, נאָר ער האָט ווי פאַרגנבעטערהייט געוואָרפן בליקן אויף דעם פּלאַן פון דעם מיליטער־לאַגער אין ברוק, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט פון דער קאַנצעלאַריע.

אויפן טיש פאַרן פּולקאָווניק זיינען געלעגן עטלעכע צייטונגס־בלעטער מיט אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען אַרומגעצייכנט מיט אַ בלויען בלייפעדער. דער פּולקאָווניק איז נאָך דורכגעלאָפן איבער זיי

מיט די בליקן, און דערנאָך האָט ער שאַרף אנגעקוקט דעם לײַ־טענאַנט לוקאַש און געזאָגט:

— בכן, איז אײַך שוין באַוווּסט, אַז אײַער באַדינער שווייק איז ארעסטירט און וועט מסתמא איבערגעגעבן ווערן דעם דיוויזיע־געריכט?

— גאַנץ ריכטיק, הער פּאָלקאָווניק.

— דערמיט אָבער, — האָט דער פּאָלקאָווניק ארויסגערעדט מיט א קוועטש, דערלעבנדיק נקמה אָן דעם בלאַסן פּנים פון לייטענאַנט לוקאַש, — איז דער ענין נאָך ניט געענדיקט. עס איז קיין ספק ניט, אַז די ארטיקע געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז שטאַרק אויפגערעקט פונם אינצידענט מיט אײַער באַדינער שווייק, ווו עס פיגורירט אויך אײַער נאָמען, הער לייטענאַנט. פון דיוויזיע־שטאַב האָט מען אונדז צוגעשטעלט מכּח דעם ניט ווינציק מאַ־טעריאַל. חוץ דעם, זײַנען פאַראַן עטלעכע צײַטונגען, וואָס האָבן זיך געשמאַק צוגעכאַפּט צו דעם עסק. זײַט אַזוי גוט מיר פאַרצולייענען די דאָזיקע ארטיקלען.

ער האָט דערלאַנגט דעם לייטענאַנט אַ צוויי־דרײַ בלעטער מיט די אָפּגעמערקטע ערטער, און דער לייטענאַנט האָט איבער־געלייענט די ארטיקלען איינס נאָך איינס. דער פּאָלקאָווניק האָט צוגעהאָרכט און אַרײַנגעשטעלט זײַנע באַמערקונגען. צום סוף האָט ער געזאָגט:

— די ארטיקע מאכט־אָרגאַנען האָבן זייער חוב ניט געטאָן. די צענזור פון די ארטיקע צײַטונגען געפינט זיך אין די הענט פון מאַדיאַרן, וואָס טוען מיט אונדז אַלץ, וואָס זיי פאַלט אַרײַן אין קאָפּ. אונדזערע אָפיצערן זײַנען לחלוטין ניט באַשיצט קעגן זלזולים מצד אַזאַ מאַדיאַרישן מנוול א רעדאַקטאָר. נאָר א דאַנק דער ענערגישער דעפּעשע פון אונדזער דיוויזיע־געריכט האָט די פּעשטער פּראָקוראַטור אנגענומען שריט צו מאכן עטלעכע ארעסטן אין די רעדאַקציעס. דער דיוויזיע־געריכט האָט מיר, ווי אײַער שעף, אויפגעגעבן צו פאַרהערן אײַך; פאַרײַנס האָט ער מיר איבער־געשיקט דאָס גאַנצע פּעקל פּאַפּירן אין אײַער ענין. און איך זאָג אײַך, אַז אַלץ וואָלט אַראָפּ כשורה, אויב ניט דער דאָזיקער

שלימזלדיקער שווייק, צוזאַמען מיט אים איז אַרעסטירט געוואָרן אויך אַ סאַפּיאָר. אַ געוויסער וואָדיטשקאַ, וואָס אַז מען האָט אים געבראַכט צופירן נאָכן געשלעג אין הויפּט־וואַך, האָט מען בײַ אים געפונען אייער בריוו, וואָס איר האָט געשיקט צו פרוי קאַקאָני. אייער שווייק האָט אָפן פאַרהער אויסגעזאָגט, אַז דאָס איז ניט אייער בריוו און אַז דאָס האָט ער אַליין געשריבן, אָבער אַז מען האָט אים פאָרגעוויזן דעם בריוו און געהייסן אים איבערשרייבן, בכדי צו פאַרגלײַכן דעם כתב, האָט ער גענומען דעם בריוו, צעקײַט אים און אַראָפּגעשלונגען. נאָך דער מעשה האָט דער דיוויזיע־געריכט אַרויסגעפאָדערט פון דער פּאָלק־קאַנצעלאַריע אייערע ראַפּאָרטן צו פאַרגלײַכן מיט שווייקס כתב, און אָט האָט איר די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער עקספּערטיזע.

דער פּאָלקאָווניק האָט אַ זוך געטאָן אין פּעקל פּאַפּירן און האָט באַוויזן דעם לייטענאַנט לוקאַש איין אָרט אין פּראָטאָקאָל, ווו עס איז געשטאַנען: „דער באַשולדיקטער שווייק האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצושרײַבן אַ פאַרדיקטירטע פראַזע, מאָטיווירט זײַן אָפּזאָג דערמיט, וואָס איבער נאַכט האָט ער פאַרלערנט שרײַבן“.

— בכלל, — האָט דער פּאָלקאָווניק ווייטער גערעדט, — האָט בײַ מיר קיין שום באַטרעף ניט דאָס, וואָס עס האָבן אויסגעזאָגט פאַרן דיוויזיע געריכט אייער שווייק אָדער דער סאַפּיאָר. ביידע טענען זיי, אַז דאָס איז געווען אַליץ אַ אומשולדיקער שפּאַס, אַז מען האָט זיי ניט פאַרשטאַנען ווי געהעריק, און אַז ציוויליסטן זײַנען אָף זיי אָנגעפאַלן און זיי האָבן געמוזט פאַרטיידיקן דעם כבוד פון זייער מונדיר. פון דעם אויספאָרש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אייער שווייק איז שוין איין מאָל אַ פרוי. למשל, אָף דער פראַגע, פאַרוואָס איז ער זיך ניט מודה, האָט ער, ווערדליך עס איז צו זען פון פּראָטאָקאָל, געענטפערט, אַז ער געפינט זיך גענוי אין דער לאַגע ווי דער לאַקיי פון דעם מאָלער־אַקאַדעמיקער פאַנושקאַ איבער עפּעס אַ בילד פון דער בתולה מאַריאַ. יענער האָט אויך, אַז מען האָט אים גענומען צושפּאַרן צו דער וואַנט פון וועגן דעם בילד, וואָס ער זאָל האָבן כלומרשט אַוועקגעגנבעט, געענטפערט נאָר: „וואָס זשע, זאָל איך שפּײַען מיט בלוט, האַ?“

פאַרשטייט זיך, אז איך האָב אין נאָמען פון פולק געפועלט בײם דיוויזיע-געריכט, ער זאָל פון זיך אָפּדרוקן אין אלע צײטונגען א הכחשה פון די פאַסקודנע שרײַבעכצן פון די היגע שרײַבאַרעס. עס וועט שוין היינט אָפּגעשיקט ווערן אין אלע רעדאַקציעס. מיר דוכט, עס איז נשקשה אָנגעשריבן:

דאָס געריכט פון דער נ-דיוויזיע און דער קאָמאַנדיר פון נ-פוסגייער-פולק גיבן צו וויסן עפנטלעך, אז די ידיעה, וואָס איז געווען אפּגעדרוקט אין דער און דער צײטונג, מכח כלומרשטע עקסצעסן פון סאלדאַטן פון נ-פולק שטימט אין קיין פרט ניט מיט דער ווירקלעכקייט, איז אויסגעטראַכט פון אָנהייב ביזן סוף, און אַז דער פראָצעס וועגן רכילות, וואס איז דערוועקט געוואָרן קעגן דער באַצייכנטער צײטונג, וועט האבן א פועל-יוצא די שטרענגע באַשטראָפונג פון די שולדיקע״.

— נאָר איר, הער לייטענאַנט, האָט דער פולקאָווניק געמוסרט, — איר האָט שוין געמעגט אײַנזען, ווי פײַן אט די מאַדיארישע שרײַבאַרעס האָבן אויסגענוצט אײַערע אווענטיורעס פון קיראַ-ליכידע.

לייטענאַנט לוקאַש האט אַ פאַרשעמטער א הוסטל געטאָן.

— און דער דאזיקער שווייק, — איז דער פולקאַווניק ווידער אריבער צום ענין, — מוז איך אײַך זאָגן, איז אַ גאַנצער כוואַט, אויב ער האָט געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ מעשה מיט אײַער בריוו. מיר געפעלט דאָס זייער. עס וואָלט געווען א שאָד אומגליקלעך צו מאַכן אַזאַ מענטשן. איך האלט, אַז דאָס איז אן ענין פון דער-ציאונג. בכל אופן, אין דער ריכטונג באַדאַרף דער אויספאָרש אָפּגעשטעלט ווערן. איר אָבער, הער לייטענאַנט, זייט קאָמפּראָמי-טירט אין דער פרעסע. דעריבער איז גאַנץ איבעריק, איר זאָלט דאָ בלײַבן לענגער. די וואָך גייט אוועק א מאַרש-ראָטע אפן רוסישן פראָנט. איר זייט דער עלטסטער אָפיצער אין דער 11-טער ראָטע, און דערפאַר וועט איר באַשטימט ווערן פאר א ראָטע-קאָמאַנדיר און איר וועט גיין צוזאמען מיט איר אפן פראָנט. אין שטאַב פון בריגאַדע איז שוין אלץ אײַנגעאָרדנט. זאָגט דעם

קאַפּיטענארמוס, ער זאָל אויסזוכן פאר אייך אן אנדער דינער אנשטאָט שווייקן.

דער לייטענאַנט האט מיט דאַנק א קוק געטאָן אפן פּאָל־קאָווניק, נאָר יענער האָט ווייטער גערעדט:

— שווייקן וועל איך באַשטימען פארן אָרדאָנאַנס פון אייער ראָטע.

דער פּאָלקאָווניק איז אויפגעשטאַנען, דערלאַנגט די האַנט דעם לייטענאַנט, וואָס איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט, און האָט געזאָגט:

— בכן, איז אלץ אין ארדענונג. ווינש אייך הצלחה. צייכנט זיך אוים אפן מזרחדיקן קריגס־טעאטער, און אויב אונדז וועט זיין באַשערט נאָך אמאָל צו באַגעגענען זיך, זאלט איר קומען צו אונדז אין קאָמפּאַניע, און ניט אויסמיידן אונדז, ווי אין בודוויים...

צוריקוועגס האָט לייטענאַנט לוקאַש די גאַנצע צייט איבער־געחזרט פאַר זיך:

— ראָטע־קאָמאנדיר, ראָטע־אָרדאָנאַנס.

און שווייקס בילד האָט זיך געשטעלט פאַר זיינע אויגן, ווי גרוים ער איז.

אַז לייטענאַנט לוקאַש האָט באַפוילן דעם קאַפּיטענארמוס וואַנעקן אויפצוזוכן אים אן אנדער דינער אנשטאָט שווייקן, האָט יענער געזאָגט:

— און איך האָב געמיינט, הער לייטענאַנט, אַז איר זייט מיט שווייקן צופרידן.

אָבער אז ער האָט דערהערט, אַז שווייק איז באַשטימט פאר אן אָרדאָנאַנס ביי דער 11־טער ראטע, האָט ער ארוים־גערופן:

— זאל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין!

* * *

אין אַרעסט־לאָקאָל ביים דיוויזיע־געריכט, א בנין מיט גראטעס פאַר די פענצטער, שטייט מען אויף זיבן אזייגער אינדערפרי און מען ראַמט באַלד אָפּ די געלעגערס, וואָס זיינען אויסגעלייגט

פשוט אפן דיל, אין שטויב און שמוץ, ווייל קיין לאווקעס זיינען ניט געווען. די פעסט אנגעשטאָפּטע שטרויזעק און די אקוראַט צונויפגעלייגטע קאָלדרעס האט מען באדארפט אפלייגן אין א הינטערשטן אָפּגעצאַמטן קאמער, און ווער עס איז פאַרטיק געווארן מיט אָט דער ארבעט, האָט זיך געזעצט אפרוען אף די ביינקלעך פאַזע די ווענט. און שמועסן האָבן זיך געצויגן אן א סוף און אן עק.

ניט ווייט פון מיר זיינען געזעסן אף א ביינקל שווייק און דער אלטער סאַפּיאר וואָדיטשקאַ צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע סאָלדאַטן פון פארשיידענע מינים.

— מיר הויבט זיך דער מוח, — ווי פלאָנטערט מען זיך ארויס פון אט דער געשיכטע און מען גייט ארויס אף דער פריי. עס ווילט זיך אזוי אָפּרעכענען זיך מיט די דאזיקע מאַדיאַרישע כוליגאַנעס! און ווי קען איך דאס קומען דערצו, וויבאלד מען האַלט מיך דא איינגעשלאסן, און חוץ אלעמען מוזטו נאך מאכן אן אָנשטעל פארן אונטערזוך-ריכטער, אז דו ביסט מיט די מאַד-יארן אדרבא ואדרבא. אף מיין ערן-וואָרט, דאס לעבן גייט ניט אייך! נאר זאל נאר אַזא נפש ארייננפאלן צו מיר אין די לאַפּעס, — וועל איך אים דערווערגן ווי א קעצל. איך וועל זיי ווייזן, וואָס דאס הייסט פארדרייסן דעם נאָז, איך וועל זיך מיט זיי אזוי אָפּרעכענען, אז זיי וועלן האבן וואס צו געדיינקען.

— ע, ברודער לעב, האב קיין מורא ניט, — האָט געזאָגט שווייק, — עס 'זועט שוין רעכט ווערן. דער עיקר, אפן געריכט טאר מען קיין מאל ניט זאָגן דעם אמת. א מענטש וואס לאזט זיך איבערריידן און זאגט אוים דעם אמת, דער איז פארפאלן. אז איך האב איין מאל געארבעט אין מעהריש-אָסטרוי, האט דארטן געטראָפן אַזאַ מעשה: איינער אן ארבעטער האט אונטער פיר אויגן אנגעמקלט די ביינער אן אינזשענער, אזוי אז קיינער האט דאס ניט געזען. דער אדוואָקאַט, וואס האט אים פארטיידיקט, האט די גאנצע צייט צו אים געטענעט, אז מ'וועט אים גארנישט ניט טאן, אויב ער וועט לייקענען, און דער פארזיצער פון געריכט, פארקערט, האט אים איינגערעדט זיך מודה צו זיין, ווייל דעמאָלט

וועט ער קריגן א קלענערע שטראף. מילא בקיצור, ער האט זיך איינגעשפארט, אז ער האט ניט וואס זיך מודה צו זיין, אזוי אז מען האט אים באפרייט, ווארום ער האט דערוויזן זיין אליבי. אין דעם זעלביקן טאג איז ער געווען אין ברנא...

— רבונו של עולם! — האט זיך געבעסט וואדיטשקא. — דאס איז דאך ניט צו דערהאלטן! צו וואס דערציילט ער דאס אלץ — קען איך לחלוטין ניט פארשטיין! נעכטן איז אפן פארהער אויך געווען אזא מין טיפ, אז דער אונטערזוך־ריכטער האט ביי אים געפרעגט, וואס האט ער געטאן פאר דער מאביליזאציע, האט ער געענטפערט: „איך האב געמאכט רויך ביי קרייץ. און עס האט געדויערט איבער א האלב־שעה, ביז דער אויספארשער האט ביי אים ארויסגעקוועטשט, אז ער האט געבלאזן דעם בלאז־זאק ביים שמיד קרייץ.

אין קארידאר האבן זיך געלאזט הערן טריט און רופן פון וואך־סאלדאטן: „נעמט צו נייע!“.

— אהא! — האט שווייק זיך דערפרייט, — וואס עס קומט צו, קומט ניט אפ. אפשר וועט מען ביי זיי כאפן א פאר קארקעס אף א רייכער טאן...

די טיר האט זיך געעפנט און אין קאמערע האט זיך ארײנגעלאזן דער זעלביקער פרייוויליקער, וואס איז געזעסן צוזאמען מיט שווייקן אין קארצער אין בודוויס און איז דערנאך געווארן באשטימט פארן קובער פון א מארש־ראטע.

— געלויבט זאל זיין יעזוס קריסטוס! — האט ער ארויסגערעדט ארײנגייענדיק, און שווייק האט דערויף געענטפערט:

— אין אלע אייביגקייטן, אמן.

דער פרייוויליקער איז קענטיק געווען קאנטעט מיט דער באגעגעניש, האט אוועקגעלייגט אפן דיל די קאלדרע, וואס ער האט מיטגעבראכט מיט זיך און האט זיך צוגעזעצט צו דער טשעכישער קאמפאניע. ער האט אפגעוויקלט זיינע וויקל־גאמאשן און האט ארויסגענומען די פאפיראסן, וואס ער האט דארטן געהאט קונציק באהאלטן, און האט זיי באלד אפן ארט צעטיילט צווישן חברה. צולעצט האט ער ארויסגעשלעפט פון שטיוול די

שמאלע זייט פון א שוועבל־פושקעלע, די וואס איז אויסגעשמירט מיט פּאָספאָר, און עטלעכע שוועבעלעך מיט קונציק איבערגעשניטענע קעפּלעך.

ער האט אנגעריבן א שוועבעלע, אנגעצונדן א פּאפּיראס, האט דערלאנגט אלעמען פּאפּירוסן און האט גלייכגילטיק א זאג געטאן:

— מען באשולדיקט מיך אין מאכן א בונט.

— דאס איז א גארנישט מיט א נישט, — האט באראוויקט שוויגיק. — דאס איז נאר אזוי זיך, אף געלעכטער.

— פארשטייט זיך, — האט זיך אפגערופן דער פּרייוויליקער, — אויב מיר ווילן געווינען די מלחמה אף אַזאַ שטייגער, דורך פארשידענע משפטים, אויב זיי ווילן ניט אנדערש זיך משפטן מיט מיר, זאלן זיי זיך משפטן. סוף כל סוף קאן קיין שום פּראצעס ניט אומענדערן די לאגע.

ווי אזוי זשע האסטו דאס געבונטעוועט זיך? — האט גע־פרעגט דער אלטער סאפּיאר וואדיטשקאַ, וואס האט געקליבן נחת פון פּרייוויליקן.

— איך האב זיך אפגעזאגט צו רייניקן דעם אפטריט אף דער הויפּט־וואך, — האט ער געענטפערט, — האט מען מיך אפגעפירט צום פּולקאווניק. און דאס איז א חזיר איינער אין דער וועלט. האט ער גענומען שרייען אף מיר, אז מיך האט מען ארייננגעזעצט אפן סמך פון א באפעל איבערן פּולק און אז איך בין בכלל אן ארעסטאנט א לעצטער שבלעצטע, און אז עס איז אים בכלל א חידוש, וואס די ערד טראגט מיך נאך און האט ניט אויפגעהערט צו דרייען זיך פון חרפּה, וואס אין דער ארמיי האט זיך אפגעזוכט א מענטש מיט די רעכט פון א פּרייוויליקן, וואס האפט נאך צו קריגן דעם ראנג פון אן אפיצער, נאר דורך זיין אויפפיר קאן ער דערוועקן אין זיינע עלטסטע נאר עקל און פאראכטונג צו זיך. האב איך געענטפערט, אז די דרייאונג פון דעם ערד־קיילעך קאן ניט אָפּגעשטעלט ווערן מחמת דעם, וואס עס האט זיך באוויזן אַזאַ און אַזאַ פּרייוויליקער, ווייל די כחות פון דער נאטור זיינען שטאַרקער פאר די בענדלעך פון א פּריי־

ווילקן. און ווייטער האָב איך געזאָגט דעם פּולקאָווניק, אַז דאָס, וואָס ער חידושט זיך, פאַרוואָס די ערד טראָגט מיך נאָך, איז אַ קאַפּעלע מאָדנע, ווארום עס קאָן דאָך ניט געמאָלט זיין, אַז צוליב מיר זאָל זיין, אַשטייגער, אַן ערדציטערניש. דער פּולקאָווניק האָט פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב גערעדט, נאָר געהאַלטן אין איין ליאַסקען מיט די ציין, ווי אַ שקאַפּע, וואָס קייט געפּראַרענע קרוטשקע, און דערנאָך האָט ער זיך צושריען: „נו, וועט איר גיין רייניקן דעם אָפּטריט?“ „באין אופן, -- ענטפער איך, — איך וועל דעם אָפּטריט ניט רייניקן“. „ניין, איר'ט יאָ רייניקן, איר הערט, פּריוווליקער?“ „באין אופן, — ענטפער איך, — איך וועל ניט רייניקן;“ — „צו אַלע טייוואָלים, איר וועט רייניקן, און ניט איינעם, נאָר הונדערט“. „באין אופן, — ענטער איך, - איך וועל ניט רייניקן ניט קיין הונדערט און ניט קיין איין אָפּטריט ניט“. און אַזוי כסדר: „איר וועט רייניקן?“ „איך וועל ניט רייניקן“. און אַזוי האָבן מיר אָפּגעטענעט אַ שטיקל צייט, און דערנאָך האָט דער פּולקאָווניק מיר אָנגעסטראַשעט, אַז מען וועט מיך אָפּמשפּטן און אויפהייגגען. און דערנאָך האָט מען מיך אָפּגעפירט און געלאָזט מיר וויסן, אַז איך ווער באַשולדיקט אין אַ מיליטער־בונט.

— גלייכער פון אַלץ, — האָט געזאָגט שווייק, — וואָלט געווען, ווען דו מאַכסט זיך פאַר אַ אידיאָט. אַז איך בין געזעסן אין דער גאַרניזאָן־טורמע, איז מיט אונדז געזעסן איינער אַ מענטש, אַ קלוגער, אַ געבילדעטער, אַ פּראָפעסאָר פון אַ העכערער קאָמערץ־שול. ער האָט דעזערטירט פון פראָנט, און מען האָט געוואָלט זיין ענין צעבלאָזן אין אַ גרויסן פּראָצעס, מען זאָל אים משפּטן און טאַקע אויפהייגגען, עס זאָל זיין אַ התראה די איבעריקע. האָט ער זיך אָבער אַרויסגעדרייט פונם גאַנצן עסק אויף גאָר אַ פּשוטן דרך. ער האָט גענומען מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ דעגענעראַט. אַז דער אויבער־דאָקטאָר האָט אים אונטערזוכט, האָט ער געמאָלדן, אַז ער האָט גאָרניט דעזערטירט, נאָר אַז פון קינדוויים אָן האָט ער ליב געהאַט אַרומפאָרן, אַז פון שטענדיק אָן האָט אים עפּעס געצויגן אין דער ווייט און אַז מיט אים האָט שוין איין מאָל געטראָפן, אַז ער איז געקומען קיין האַמבורג און קיין לאָנדאָן און

ער האט אליין ניט געוווּסט, ווי אזוי און צוליב וואס ער קומט
אהין. לויט זיינע רייד איז זיין פאטער געווען אן אלקאהאליקער
און האט זיך גענומען דאס לעבן, נאך איידער ער איז געבארן
געווארן, די מוטער איז געווען א פראָסטיטוּאירטע און א שכור=
ניצע און איז געשטארבן פון היץ=קרייגק. א איגגערע שוועסטער
זאל זיך כלומרשט האבן דערטרונקען, אן עלטערע האט זיך
ארונטערגעווארפן אונטער א צוג, א ברודער האט זיך אראָפּ=
געווארפן פון ווישעגראַדער אייזנבאן=בריק אין דער מאָלדאַווע אריין,
דער זיידע זיינער האט געקוילעט זיין ווייב און אליין זיך באגאָסן
מיט קעראסינע און פארברענט געווארן. א צווייטע באבע פון דער
מוטערס צד, איז אנטלאפן געווארן מיט ציגיינערס, און דערנאך
האט זי זיך אָפּגעסמט אין טורמע מיט פאָספאָר=שוועבעלעך. איינער
פון זיינע שוועסטערקינדער האט זיך עטלעכע מאל געמשפּט
פאר אונטערצינדן און האט סוף כל סוף איבערגעשניטן די האלדז=
ארטעריע מיט א שטיק גלאז, אן אנדער שוועסטערקינד, א מיידל,
פון פאטערס צד, האט זיך אין ווין ארויסגעווארפן פון זעקסטן
גארן, און ער אליין האט קיין שום עדוקאציע ניט געקראגן, און
ביזן עלטער פון צען יאר האט ער ניט געקאנט ריידן, ווייל אז
ער איז אלט געווען זעקס חדשים האט מען אים פארוויקלט און
געלאזן ליגן אפן טיש און מען איז אוועקגעגאנגען און פארגעסן
אן אים, און א קאץ האט אים אראפּגעשלעפּט פון טיש און ער
איז אראפּגעפאלן און זיך צעקלאפּט דעם קאָפּ. און איצט אויך,
האט ער פארזיכערט, האט ער צייטווייז אַזאַ קאָפּווייטאק, אז אין
יענע מאמענטן ווייס ער ניט וואס ער טוט, און אט אין אַזאַ
מאמענט איז ער אוועק פון פראנט קיין פראָג און איז געקומען
צו זיך ערשט דעמאלט, בשעת די פעלד=זשאַנדאַרן האבן אים
פארהאלטן אין „פלעקס״. אט אזוי, חברה, וואלט איר נאר געזען,
מיט וואס פאר א שמחה מען האט אים דאס אפּגעלאזן פון
מיליטער אהיים! און א מאן פינף סאלדאטן, וואס זיינען געזעסן
מיט אים אין איין קאמערע, האבן זיך פארשריבן אף א פאפירל:
„פאטער אלקאָהאָליקער. מוטער פראסטיטוּאירטע. איין שוועסטער
זיך ארייגגעווארפן אין וואסער. א צווייטע שוועסטער אונטערן צוג.

אַ ברודער פון בריק. זיידע דערהארגעט באַבן. קעראסינע, זיך פארברענט. א צווייטע באַבע — ציגיינער, שוועבעלעך, און אזוי ווייטער. און אט, אז איינער פון זיי האט גענומען דערציילן דעם אויבער=דאקטאר די דאזיקע געשיכטע, האט דער אויבער=דאקטאָר ווארום דאס איז שוין געווען דער דריטער פאל, אים איבערגעהאקט און געזאגט: „איך וויים שוין, איך וויים שוין, דיין שוועסטערקינד פון פאַטערס צד האט זיך אראָפּגעוואָרפן אין ווין פון זעקסטן גאָרן, און אליין האסטו גאר קיין עדוקאַציע נים געקראָגן און דערפאר וועט די שטראָף=ראָטע אויסבעסערן דיין דערציאונג". בקיצור, מען האט אים אפּגעפּ'רט אין איינצל ארעסט, פארשמידט אים די הענט און די פיס פארקרייצט, און האט ביי אים ווי מיט דער האנט אפּגענומען אי די שלעכטע דערציאונג, אי דעם טאטן דעם שכור אי די מאמען די פראסטיטואירטע, און ער איז מיטן גוטן ווילן אוועק אפן פראָנט.

אין דער מיט איין באַשלאָגענער טיר האט א סקריפּע געטאן דער שליסל, און אין קאַמערע איז אריין דער פּראָפּאָס.

— סאלדאט פון פוסגייער=פולק שווייק און סאפּיאָר וואָדיטשקאַ — צום הער מיליטער=פּאָרש=ריכטער.

זיי זיינען אויפגעשטאנען, און וואָדיטשקאַ האט געזאגט צו שווייקן:

— אט זעסטו, וואסערע מנוולים דאס זיינען: איטלעכן טאג א פארהער, און צו קיין שפּיץ דערגייט מען ניט. נעכיי וואלטן זיי שוין, צו אלדי שוואַרצע יאָר, אונדז פארמשפּט, אבי זיי זאלן אונדז לאָזן צו רו. איצט וואלגערן מיר זיך ארום דא, און די מאַדיאַרישע כוליגאַנעם לויפן ארום אף דער פריי...

אזוי שמועסנדיק זיינען זיי אריין אין בנין, וווּ עס האט זיך געפונען די קאַנצעלאריע פון דיוויזיע=געריכט, און די וואך האט זיי אפּגעפירט גלייך אין צימער נומער 8, וווּ עס איז געזעסן ביי א טיש, פארלייגט מיט פּאפּירן, דער מיליטער=געריכטס=אויספאר=שער, אָדער ווי מען רופט זיי אין עסטרייך, דער אודיטאר רולער.

פאר אים איז געלעגן א באנד פון געזעץ־בוך, וואס אף אים איז געשטאנען א האלב אָפּגעטרונקענע גלאָז טיי. אף דער רעכטער זייט פון טיש איז געשטאנען א קרייץ־בילד אימיטירט אף העלפאנד־ביין, מיט א פארשטויבטן קריסטוסן, דער אונטער־שטעל פון קרייץ איז געווען פארווארפן מיט אָפּגעריכערטע סי־גארן און אַש.

אודיטאָר רולער האט גראד ווידער אמאל אפגעטרייסלט די אש פון זיין פאפיראס אף דעם אונטערשטעל פון קרייץ, און מיט דער אנדער האנט האט ער אויפגעהויבן די גלאָז, וואס איז געווען צוגעקלעפּט צום באנד פון געזעץ־בוך. טרינקענדיק די טיי האט ער אריינגעקוקט אין די פאָרנאָגראפישע בילדלעך פון א ביכל, וואָס ער האט געהאט גענומען פון דער אָפיצער־ביבליאָטעק.

וואָדיטשקאָ האט העפלעך א הוסט געטאָן, און ערשט דעמאלט האט דער אודיטאָר א פרעג געטאן, בלעטערנדיק ווייטער דאס ביכל:

— וואס ווידער?

— ערלויבט צו מעלדן הער אודיטאָר, — האט געענטפערט שווייק, — חבר וואָדיטשקאָ איז א ביסעלע צוגעקילט, הוסט ער.

איצטער האט דער אודיטאָר א קוק געטאן אף שווייקן און וואָדיטשקאָ, געמאכט א שטרייננגען פנים.

— אָ, אט האט איר באַזיליקט צו קומען, חברה — האט ער געזאגט. איבערווארפנדיק די הויפנס פאפירן אפן טיש. — איך האב אייך דאָך ארויסגערופן צו ניין אזייגער, און איצט איז שוין גאט צו דאנקען עלף.

— ווי שטייסטו דאָס, מנוול? — איז ער אנגעפאלן אף וואָדיטשקאָ, וואס האט זיך ערלויבט צו שטיין „פריי". — צי איין דעם בויך, ביז איך וועל א קאמאנדיר טאן „פריי!"

— ערלויבט צו מעלדן, הער אודיטאָר, — האט זיך אפּ־גערופן שווייק: — ער האט רעמאטים.

— און דו בעסער שווייג, — האט געזאָגט דער אודיטאָר, — ביז איך וועל דיך פרעגן, דעמאלט וועסטו ענטפערן. אזוי ביסטו

דרײַ מאָל געװען בײַ מיר אױפֿן פֿאַרהער, און אַלץ האָט מען געמוזט מיט צװאַנגען אַרױסשלעפּן פֿון דיר... נו, װאָס איז דאָס פֿאַר אַ צרה, װעל איך װען געפֿינען די פּאַפּירן צי נײן?... װיפֿיל האָב איך דאָס מיט אײַך צו עסקן זיך, איר מנוולים!.. נאָר מײנט ניט, אַז דאָס װעט אײַך גלאַט אַראָפּ, אַז איר זײַט אומזיסט־אומ־נישט מטריח דאָס געריכט.

סוף כל סוף האָט ער געפֿונען צװישן דעם הױפֿן אָנגע־לײגטע פּאַפּירן אױפֿן טיש אַ גראָבע פּאַפּקע מיט דער אױפֿשריפֿט „שװײק און װאָדיטשקאַ“ און האָט שטרײנג אױסגערעדט:

— איצט האָרכט זיך צו, איר פֿערדישע קעפּ! רעדט זיך ניט אײַן, אַז איבער אַ נאַרישן געשלעג װעט איר נאָך אַ צײַט זײַן צוגעשריבן צום דיװיזיע־געריכט און איר װעט קאָנען זיך אַרױסמאַכן פֿון פֿראָנט. איבער אײַך, לעמאַכעס, האָב איך שױן געמוזט טעלעפֿאָנירן אין קאָרפּוס־געריכט.

ער האָט אָפּגעזיפֿצט.

— מאַך ניט דעם אָנשטעל פֿון אַזױ ערנסט, שװײק, — האָט ער װײַטער גערעדט. — אױפֿן פֿראָנט װעסטו שױן פֿאַרזאָגן אַ צענטן זיך צו שלאָגן מיט די האָנװעדס. די אױספֿאָרשונג קעגן אײַך בײדן װערט אָפּגעשטעלט און איר קערט זיך אום בײדע צו אײַערע אָפּטײלן, װוּ איר װעט קריגן אַ דיסציפּלינאַר־שטראָף. און דערנאָך גײט איר אַװעק מיט אַ מאַרש־ראָטע אױפֿן פֿראָנט. נאָר אױב איר װעט נאָך אַמאָל אַרײַנפֿאַלן צו מיר אין די הענט, װעל איך אײַך, איר כוליגאַנעס, אַזױ אונטערװאַרימען, אַז איר װעט ניט װיסן, פֿון װאַנען דאָס איז אײַך געקומען. אָט האָט איר אײַערע פּאַפּירן און טראָגט זײ אָפּ אין צימער נומער 2. װײַטער זאָלט איר זיך פֿירן לײַטיש.

— ערלױבט צו מעלדן, — הער אױדיטאָר, — האָט געזאָגט שװײק. — אַז מיר בײדע האָבן מיטן גאַנצן האַרצן פֿאַרנומען אײַערע רײד און מיר דאַנקען אײַך אונטערטעניקסט פֿאַר אײַער גוטסקײט. װען דאָס װאָלט ניט געװען אין מיליטער־דינסט, װאָלט איך זיך ערלױבט צו זאָגן, אַז איר זײַט אַ מענטש אַ גינגאָלדענער און צוגלײַך מוזן מיר בײַ אײַך בעטן מחילה, װאָס

איר האט באַדאַרפט אַזוי פיל זיך מטריח זיין איבער אונדז. מיר האָבן דאָס, כלעבן, גאָר ניט פאַרדינט.

— גייט אייך צו אלדי טייוואָלים! — האָט דער אודיטאָר זיך צעשריען אף שווייקן. — אויב פאַר אייך וואלט זיך ניט משתדל געווען הער פּולקאָווניק שרעדער, ווייס איך ניט, מיט וואָס דאס אַלץ וואָלט זיך געענדיקט.

וואָדיטשקאַ האָט זיך דערשפּירט, אז ער איז דער פריער־דיקער וואָדיטשקאַ, ערשט אין קאָרידאָר, בעת זיי זיינען געגאַנגען מיטן וואַך־סאָלדאַט אין צימער נומער 2.

דער סאָלדאַט האט מורא געהאט צו פארשפּעטיקן צו מיטאָק, און דערפאַר האט ער געאיילט:

— אנו, ברידערלעך, גיכער, רירט זיך, קריכט ניט ווי די ראַקעס.

דערויף האט וואָדיטשקאַ אים דערקלערט, ער זאָל ניט אזוי פיל מאכן די פּוריע, ווארום זיין גליק איז, וואס ער איז א משוגע, וואָלט ער געווען אַ מאַדיאַר, וואָלט ער, וואָדיטשקאַ, אים געהאט שוין ארומגעריסן ווי א הערינג.

אזוי ווי אלע שרייבערס זיינען שוין געווען אוועקגעגאַנגען פון קאַנצעלאַריע עסן וואַרימעס, האָט דער וואַך־סאלדאַט געמוזט אָפּפירן ביידע ארעסטירטע צוריק אין קאַמערע. דערביי האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין זידלערייען פאַר דעם מיאוסן מין מענטשן ווי די שרייבערס.

— די חברים וועלן היינט ווידער אראָפּנעמען גאָר דאָס פעטס פון מיין יויך, — האָט ער זיך געברוגזט, — און אנשטאָט פלייש וועלן זיי איבערלאָזן פאַר מיר נאָר אדערן און ביינער. נעכטן האב איך אפגעפירט צוויי אין לאַגער, האָט דערווייל עמיצער אויפגעפרעסן א העלפט פון מיין חלק ברויט.

— און איר דאָ ביים דיוויזיע־געריכט האָט קיין אנדערע דאגות ניט, ווי נאָר וועגן פרעסעכץ, — האָט באמערקט וואָדיטשקאַ, וואס האט שוין באוויזן נאָר אריינצוגיין אין די כלים.

אז זיי האבן דערציילט דעם פרייוויליקן, מיט וואָס זייער ענין האָט זיך געענדיקט, האָט ער אויסגערופן:

— אזוי, אין מאַרש=ראָטע, מײַנע פרײַנט! ווי עס שטײט געשריבן אין די זשורנאַלן פאַר טוריסטן: „א גליקלעכן וועג!‟ די צוגרײט=אַרבעטן פאַר דער נסיעה זײַנען שוין געמאַכט, פאַר אַלץ האָט שוין געזאָרגט די העכערע מיליטער=מאַכט. האָט מען דאָס אײַך אויך: הײסט דאָס, אײַנגעלאַדן אַף די לופט=רײַזע קײן גאַליציע? טרעט זשע צו צו איר מיט א פרײלעכן געמיט און מיט א גרינגען האַרץ. טראָגט אַוועק צו יענע ערטער, ווו מען וועט אײַך באַקענען מיט די שוין=גראָבנס, אײַער פלאַמענדיקע ליבע. דאָרט איז הפלא ופלאדיק און העכסט אינטערעסאַנט. אין דער ווײַטער פרעמד וועט איר זיך שפּירן ווי אינדערהײם, ווי אין א לאַנג באַקענטן לאַנד, כמעט ווי אין ליבן געבאָרן=אָרט. מיט די געהויבנסטע געפילן אין דער נשמה טרעט איר צו צו דער נסיעה אין יענעם לאַנד, וואָס נאָך דער אַלטער הומבאָלדט האָט וועגן דעם געזאָגט: „אין גאָר דער וועלט האָב איך ניט געזען עפּעס גרויסאַרטיגערס ווי אַט די נאַרישע שבנאַרישע גאַליציע‟. די געוואַלדיקע און אויסנאַמלעכע געניטשאַפט, וואָס אונדזער העלדישע אַרמײ האָט זיך אַנגעשאַפט בײַ איר אַפּטרעטן פון גאַליציע, וועט געוויס זײַן אָנגעלײגט בײַ אונדזערע נײַע מיליטערישע אָפּעראַציעס. דער עיקר איז — גלײַך, ניט פאַרקערוועט מאַרש אַרײַן קײן רוסלאַנד און פון פרײד אויסגעשאָסן אין דער לופטן אַלע פאַטראָנעס.

אַז שוויק און וואָדיטשקאַ האָבן נאָך וואַרימעס זיך געקליבן גײן אין קאַנצעלאַריע, איז צו זײ צוגעגאַנגען אײנער אַן אַרעסטירטער, א געוועזענער לערער, וואָס איז געווען באַשולדיקט פאַר שרײַבן אַן אַנטימלוכהש לידל, האָט זײ אָפּגערופן אַן א זײַט און זײ אײַנגערוימט א סוד:

— זעט, פאַרגעסט ניט, אַז ווי נאָר איר וועט זײַן אַף דער רוסישער זײַט, זאָלט איר באַלד זאָגן צו זײ: „א גוטן אײַך, ברידער רוסן, מיר זײַנען אײַערע ברידער טשעכן, ניט קײן עסטרײַכער‟.

פאַרן אַרויסגײן פון קאַמערע, האָט וואָדיטשקאַ נאָך געוואָלט מיט עפּעס אַרויסווײַזן זײַן שנאה צו די מאַדיאַרן, און דערפאַר

האט ער אָנגעטראָטן אַפֿן פֿוס איינעם א מאַדיאַר, וואס איז געזעסן מיט זיי, דערפֿאַר וואס ער האָט ניט געוואלט דינען אין מיליטער, און האט נאָך, אף אים אנגעשריען:

— די שטיוול טו אָן, פּעטעלעלע!

— ער'ט נאך באַדאַרפֿט עפּעס א זאג טאן מיר, — האָט וואָ־דיטשקאַ דערנאָך מיט רוגזא געזאָגט צו שווייקן. — וואלט ער מיר נאָר א זאָג געטאָן כאָטש איין וואָרט, וואָלט איך אים צעריסן זיינע מאַדיאַרישע פּסקעס פֿון אויער ביז אויער. און ער, דער עפּוש, שווייגט און לאָזט זיך טרעטן. דער טייוול ווייס, שווייק, איך בין אזוי ברוגז, וואָס מען האָט מיך ניט פֿארמישפּט! דאָס האָט דאָך א פּנים, ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעלאַכט פֿון אונדז, אז פֿון אט דעם גאַנצן עסק מיט די מאַדיאַרן איז אפילו ניט כדאי צו ריידן. אבער אין דער אמתן האָבן מיר זיך דאך געשלאָגן ווי די לייבן. דאָס ביסטו שולדיק, וואס זיי האָבן מיר ניט פֿארמישפּט, נאר ארויסגעגעבן אונדז א כתב א פּארטיקן, אז מיר קאנען נעבעך זיך גאָר ניט שלאָגן. וואס האלטן זיי דאס טאקע פֿון אונדז, הא? וואס וואס, א סקאַנדאַל איז עס דאָך געווען ניט קיין קליינער!

— טייערער מיינער, — האט שווייק געזאָגט גוטמוטיק, — איך פֿארשטיי ניט, פֿארוואס טוט דיר ניט קיין הנאה, וואס דער דיוויזיע־געריכט האט אפיציעל אונדז אנערקענט פֿאר לייַ־טישע מענטשן, וואס מען קאָן זיך צו זיי ניט צוטשעפּען. אמת, ביים פֿאַרהער האב איך זיך געסטאַרעט מיט אלע כחות זיך ארויסצודרייען, אבער אזוי מוז מען דאָך טאָן, וואָרום, ווי דער אדוואָקאַט באַס פֿלעגט זאָגן זיינע קליענטן, מיטן ריינעם אמת ועסטו ווייט ניט פֿאַרפֿאָרן. אז דער אודיטאָר האט ביי מיר געפֿרעגט, צוליב וואס זיינען מיר געקומען צום הער קאַקאָני אין ווינונג, האָב איך אים געזאָגט איינפאך: „ווייל איך האב געמיינט, אז מיר וועלן זיך גיכער באקאָנען מיטן הער קאַקאָני, ווען מיר וועלן קומען צו אים צו גאַסט“. נאָך אזא ענטפֿער האָט דער הער אודיטאָר מיך שוין מער ניט געפֿרעגט, וואָרום ער איז באלד געווען צופֿרידן...

— און אַט וואָס זאָלסטו זיך מערקן, — האָט שוויק זיך ווייטער געחקירהט. — אין מיליטער-געריכט טאָר מען קיין מאָל זיך ניט מודה זיין.

— אויב איך וואָלט געהאַט אָפּגעטאָן עפּעס אַ מיאוסע זאַך, וואָלט איך זיך ניט מודה געווען, — האָט געענטפערט דער בראַווער וואָדיטשקאַ. — נאָר ווייבאַלד אַז אַט דער אודיטאָר דער ימחשמוניק פרעגט מיך אַן דרייענדיש, צי איך האָב זיך געשלאָגן, ענטפער איך: יאַ, זיך געשלאָגן. צי איך האָב עמיצן געבראָכן די ביינער? גאַנץ ריכטיק, הער אודיטאָר. צי איך האָב ניט עמיצן צוקאַלעטשעט? נאַטירלעך, הער אודיטאָר. זאָל ער וויסן, מיט וועמען ער רעדט! און דאָס איז דאָך דער סקאַנדאַל וואָס מען האָט אונדז פריי געלאָזט. עס קומט אויס, ווי ער וואָלט גלויבן, אַז איך האָב אַף אַט די מאַדיאַרישע שאַרלאַטן אויסגעדריבלט מכּן פּאַס, געמאַכט פון אים אַ מאַטשאַלקע, און אַז זיי, די יאַטקע-הינט, האָב איך צעבראָקט אַף לאָקשן, געמאַכט זיי ברוין-און-בלאָ. דו ביסט דאָך געווען דערביי, ווי אַזוי עס האָבן זיך אַף מיר אַרויפגעזעצט אַזעלכע דריי מאַדיאַרישע לאָבוסעס, און איך האָב אין איין צוויי-דריי אַראָפּגעטרייסלט זיי פון זיך אַף דר׳ערד און גענומען זיי טרעטן מיט די פיס? און נאָך אַט דעם אַ קומט אַ פּאַנפעוואַטער אודיטאָר און מאַכט צו גאַרנישט דעם גאַנצן ענין! עס האָט דעם פּנים, ווי ער וואָלט זאָגן: „וואָס׳ט איר נאָך אויסקלערן? אויך מיר ׳שלאָגערס!" וואַרט אָקאָרשט, די מלחמה וועט זיך ענדיקן און איך וועל ווידער זיין אַ פרייער מענטש, וועל איך אים שוין אָפּזוכן, דעם פּוסטעפּאַסניק, און וועל אים באַווייזן, צי איך קאָן זיך שלאָגן צי ניין. דעמאָלט וועל איך קומען אַהער צופאָרן און וועל דאַ אָנמאַכן אַזאַ מהומה, אַזאַ טאַראַראַם, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזען, אַז אַלע מענטשן וועלן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, ביז זיי וועלן געוואָר ווערן, אַז דאָס בין איך ספּעציעל געקומען צופאָרן קיין קירא-ליכידע אַ קוק צו טאָן אַף אָט דער מאַדיאַרישער כאַלאַסטרע, דער פּאַנפעוואַטער!

* * *

אין קאַנצעלאַריע האָט מען זיי אָפּגעפּאַרטיקט אויף דער גיך. עפּעס אַ פעלדוועבל, וואָס זיינע ליפּן זיינען געווען, נאָך פעט פון חאַרימעס, האָט מיט זייער אַן ערנסטע מינע אָפּגעגעבן שוויקן און וואָדימשקאַן זייערע פּאַפּירן און דערביי האָט ער געהאַלטן פאַר נויטיק זיי נאָך אויסצומוסרן, נאָר פון זיין גאַנצער רעדע האָבן זיי פאַרשטאַנען נאָר דאָס, וואָס ער האָט זיי אָנגערופן „משעכישע הזירים"...

אַז ביידע חברים האָבן זיך צעזעגנט, ווייל מען האָט איטלעכן אָפּגעפירט אין זיין אָפּטיילונג, האָט שוויק געזאָגט:

— הער נאָר, ברודער־לעב, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, זאָלסטו קומען צו מיר צו גאַסט. איטלעכן אָוונט פון זעקס אַזייגער וועסטו מיך געפינען אין „פון כל טוב", וואָס אויף באָאישטי־גאַס.

— אַוודאי וועל איך קומען, — האָט געענטפערט וואָדימשקאַ.

— וואָס איז, דאָרט איז פריילעך?

— יאָ, דאָרט מאַכט זיך אַלע טאָג עפּעס אַ געשיכטע, — האָט שוויק זיך באַרימט. — און אַז אונדז וועט אויסדוכטן, אַז עס איז אַ ביסל פאַרשלאָפן דער אינטערעס, וועלן מיר ביידע שוין קאָנען עפּעס אַזוינס אָפּשפּילן...

זיי האָבן זיך צעשיידט, און אַז זיי זיינען שוין געווען ווייט עטלעכע שריט פון אַנאַנד, האָט דער אַלטער סאַפּיאָר וואָדימשקאַ נאָכגעשריען שוויקן:

— זאָלסטו, הייסט דאָס, זיך ניט אַנדערש אַ סטאַרע טאָן, עס זאָל זיין פריילעך, ווען איך וועל קומען.

— דו זאָלסט אַקאָרשט נאָר ניט אָפּנאַרן, — האָט זיך אָפּגערופן שוויק, — קום ניט אַנדערש צוגיין, ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן.

דערנאָך זיינען זיי אַוועק אַלץ ווייטער איינער פון צווייטן, און אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט מען ווידער געקאָנט הערן, פון הינטערן ראָג, פון דער צווייטער זייט באַראַקעס וואָדימשקאַס קול:

— שווייק, שווייק, וואסער ביר גיט מען אין „פּון כל טוב“?

און דערויף האט אפּגעהילכט שווייקס ענטפער:

— גרויס פּאָפּאָוויצער.

— און איך האָב געמיינט — אז סמיכאווער! — האט געשריען דער אלטער סאַפּיאר וואָדיטשקאַ.

— דארט זיינען פאַראַן פריילנס אויך.

— הייסט דאס, נאך דער מלחמה, זעקס אזייגער פארנאכט?

— קום בעסער האלב זיבן, טאָמער פארהאלט איך זיך ערגעץ.

און גאר פון וויטנס האט נאך דערלאנגט וואָדיטשקאַס קול:

— הייסט דאס, זעקס קאנסטו ניט קומען?

— מילא, זאל זיין זעקס, — האט וואָדיטשקאַ קוים-קוים געקאנט ארויסהערן דעם ענטפער פון זיין חבר.

אזוי האבן זיך צעשיידט דער בראַווער סאָלדאַט שווייק מיטן אלטן סאַפּיאר וואָדיטשקאַ.

## 6.

# פּון ברוק אף דער לייטע קיין סאַקאַל.

לייטענאַנט לוקאַש האָט אן אויפגערעקטער ארומגעשפּאַנט איבער דער קאַנצעלאריע פון דער 11-טער מאַרש-ראטע. דאס איז געווען א פינצטער שטייגל אין ראָטע-באַראַק, אפּגעצאַמט פון קאָרידאָר דורך א ווענטל פון ברעטער. גאָר איר אויספּוץ איז באַשטאַנען פון א טיש, צוויי שטולן, א פלאַש קעראָסינע און א הילצערנע לאַווקע.

פאַרן לייטענאַנט איז געשטאַנען דער קאַפּטענאַרמוס וואַנעק, וואָס זיין עובדא איז געווען צונויפצושטעלן די צאָל-רשימות פון די שכירות, צו פירן די חשבונות פון פּראָוויאַנט, וואָס ווערט ארויסגעגעבן פארן סאָלדאַטן-קעסל, ער איז געווען, הייסט דאָס,

דער פינאַנס=מיניסטער פון דער ראָטע. ער האָט פאַרבראַכט אין קאַנצעלאַריע א גאַנצן טאָג און פלעגט אויך דאָרט שלאָפן.

האַרט בײַ דער טיר איז געשטאַנען א דיקער סאָלדאַט מיט א לאַנגער באָרד. דאָס איז געווען באַלון, דעם לייטענאַנטס נייער באַדינער, וואס איז פאר דער מאָביליזאַציע געווען ערגעץ א מילנער.

— ניטאָ, וואָס צו ריידן. נישקשה פון א דינער האָט איר מיר צוגעקליבן, — האָט לייטענאַנט לוקאַש זיך געווענדט צום קאַפּטענאַרמוס. — א גרויסן דאַנק אייך פאַרן ליבן סורפּריז! איר הערט? איך שיק אים אין אפיצער=קלוב נאָכן וואַרימעס, נעמט ער און עסט אויף א העלפט.

— באַין אופן, איך האָב פאַרגאָסן, — האָט געזאָגט דער דיקער ריז.

— גוט, נעמען מיר אָן, אז דו האָסט פאַרגאָסן. פאַרגיסן וואָלסטו געקאָנט די זופּ אדער דעם סאָוס, אבער ניט דאָס געבראָטנס. דערטראָגן צו מיר האָסטו דאָך נאָר ווי א נאָגל די גריים. און ווו האָסטו אהינגעטאָן דעם קוכן?

— איך...

— נאָר, ברודערקע, ניט לייקענען. זאָג, אַז דו האָסט אים אויפגעפרעסן.

לייטענאַנט לוקאַש האָט דאָס לעצטע וואָרט ארויסגערעדט אזוי ערנסט און שטרייננג, אז באַלון איז ניט ווילנדיק אפּגעטראָטן צוויי טריט אף צוריק.

— איך האָב מיט א כּיון זיך נאָכגעפרעגט אין קיך, וואָס האָבן מיר געהאַט היינט צו וואַרימעס. לאָזט זיך אויס, זופּ מיט לעבער=קניידלעך. ווו האָסטו אהינגעטאָן די קניידלעך? אונטערוועגס האָסטו זיי ארויסגעשלעפּט און אויפגעפרעסן, אָט וואָס. דאָס צווייטע געריכט איז געווען געבראָטענע פלייש מיט אוגערקעס. וואָס האָסטו דערמיט געטאָן? אויך אויפגעפרעסן. צוויי גרויסע שטיקער געבראָטענע פלייש! און מיר האָסטו געבראַכט נאָר א האַלב שטיקל. אזוי! דערנאָך צוויי שטיקער קוכן. ווו האסטו דאָס אהינגעטאָן? זיך אליין אנגעשטאָפּט דערמיט. חחחזיר הינטעשער. זאָג, ווסטו

אהינגעטאָן דעם קוכן? ער איז אריינגעפאַלן אין בלאָטע? ליגסט, פאַרכומיש, קענסטו מיר אנווייזן דעם ארט, ווו עס ליגט אין בלאָטע? אך אזוי, געקומען באַלד צולויפן א הונט, ווי מען וואָלט אים געהאַט גערופן, און א כאַפּ און אויפגעפרעסן. יעזוס־מאַריא, וועל איך דיר דאָס א שמיר טאָן איבער דער מאָרדע, אז דער קאָפּ וועט בײַ דיר ווערן ווי אן עמער. און ער לייקנט נאָך, דער כּכּלב בן כּלבה! און ווייסטו, ווער דאָס האָט געזען? אט ער, קאַפּטענאַרמוס וואַנעק. ער איז געקומען צו מיר און געזאָגט: „אזוי און אזוי, הער לייטענאַנט, אייער באַלון, די חזירשע קישקע, פרעסט אויף אייער וואַרימעס. איך האָב אליין געזען דורכן פענצטער, ער פּאַקט אין בײדע באַקן, אזוי ווי ער וואָלט א גאַנצע וואָך ניט געהאַט געפרעסן". הערט זיך איין, קאַפּטענאַרמוס, שוין זשע האָט איר ניט געקאָנט אויסקלייבן פאַר מיר קיין אנדער פענטיוך, ווי נאָר אט דעם פאַסקודניאַק?

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אז פון אונדזער גאַנצער מאַרש־ראָטע האָט באַלון מיר אויסגעוויזן צו זיין דער סאַמע לייטישער מענטש. ער איז אזא לעמעך, אז ער קאָן בשום אופן זיך ניט אויסלערנען צו האַלטן א ביקס אין האַנט. און עס איז א סכּנה צו געבן אים א ביקס, ער קאָן נאָך אנטאָן צרות. אנוסטן, בעת מען האָט געשאָסן מיט פּוסטע פּאַטראָנעס, האָט ער שיער ניט אויסגעשלאָגן אן אויג דעם סאָלדאַט נעבן אים. האָב איך געקלערט, ער וועט אפשר קאָנען באַדינען דעם הער לייטענאַנט.

— און שטענדיק אויפעסן דעם אפּיצערס פּאָרציע, — האָט לוקאַש ארויסגערעדט, — אזוי ווי אים וואָלט ניט געווען גענוג די אייגענע פּאָרציע! וואָסי דיר, וואָס? ביסט הונגעריק?

— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאַנט, שטענדיק הונגעריק. אז עס בלייבט בײַ עמיצן איבעריק ברויט, בײַט איך אויס אף פּאַפּיראָסן נאָר דאָס איז אלץ ווינציק. דאָס איז שוין בײַ מיר אזוי פון געבאָרן אָן. און אלע מאָל מיין איך, אז איך בין שוין זאַט, נאָר עס הויבט זיך ניט אָן. באַלד נעמט שוין ווידער בורטשען אין בויך, ווי פאַרן עסן, און טו א קוק — עס ווילט זיך ווידער עסן!

אן אגדערש מאָל מיין איך, אָט דאָס מאָל האָב איך זיך שוין אזוי אנגעגעסן, אז עס וועט שוין מער ניט אריין, — נאָר נעכטיקע טעג! גענוג, איך זאָל דערזען עמיצן עסן אָדער אפילו דערשמעקן א ריח פון עסנוואַרג, איז שוין בײַ מיר אין בויך ווי אויסגעלופּ־טערט. דער מאָגן פאָדערט אַלץ, און איך בין גרייט צו שלינגען אפילו טשוועקעס. ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, איך האָב שוין געבעטן, מען זאָל מיר ארויסגעבן א טאָפּלטע פּאָרציע; איך בין אפילו מכּבד דעם ענין געווען אין בודוויים בײַם דאָקטאָר, און ער האָט מיך אפּגעהאַלטן דרײַ טעג אין לאַזאַרעט און האָט מיר פאַרשריבן נאָר א שאָלכל ריינע בוליאָן א טאָג. איך וועל דיך, הולטײַ איינער, — האָט ער געטענעט, — צוגעוויינען צו הונגערן שטענדיק, זאָלסט נאָר ארײַנפאַלן צו מיר אין די הענט נאָך א־מאָל, וועסטו זען, ווי דו וועסט פון דאַנען אוועקגיין דאַר ווי א דרענגלי״. און איך באַדאַרף גאָר ניט קוקן אף געשמאַקע זאַכן, הער לייטענאַנט, בײַ די סאַמע פּראָסטע עסנס לויפט מיר די סמאַהע פון מויל. איז ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אז איך בעט אונטערטעניקסט, מען זאָל מיר ערלויבן צו קריגן צוויי פּאָרציעס. און סטייעט ניט קיין פלייש טאָ לפּחות עפּעס א גאַרנירל, בולבעס, קליסקעלעך, א קאַפּעלע סאָוס... דאָס בלײַבט דאָך שטענדיק...

— האַלט, האַלט, באַלון, מיר איז גענוג אויסצוהערן דײַן עזותקייט, — איז דער לייטענאַנט אים ארײַנגעפאַלן אין די רייד.
— און איר, קאַפּטענאַרמוס, האָט איר ווען עס איז געהערט, אז א סאָלדאַט זאָל זײַן, חוץ אַלעמען, נאָך אַזא מחוצף, ווי אָט דער נפש? צוערשט האָט ער אויפגעפרעסן מײַן וואַרימעס, און איצט מאָנט ער נאָך א טאָפּלטע פּאָרציע! נאָר איך וועל דיר פאַרשרײַבן אַזוינס, וואָס וועט דיר שוין גאָר ניט זײַן צום האַרצן.

— קאַפּטענאַרמוס, — האָט ער זיך געווענדט צו וואַנעקן, — פירט אים אָפּ צום קאַפּראַל ווידערהאָפּער, און זאָל יענער אים צובינדן אף צוויי שעה צום סלופּ אפן הויף פאַר דער קיך, ביז מען וועט אנהויבן צו טיילן וועטשערע. און זאָל ער אים צובינדן

וואָס העכער, בכדי ער זאָל שטיין אַף די שפּיץ פינגער און זען, ווי עס קאָכט זיך אין קעסל דער גולאַש. און זאָל אַט דער אויסוואָרף נאָך בלייבן צוגעבונדן, ווען מען וועט נעמען טיילן דעם גולאַש, עס זאָל אים לויפן די שפּייעכץ פון מויל, ווי ביי א הונ־געריקער צויק, וואָס שמעקט ארום דעם שוועל פון א ווורשט־געשעפט. און זאָג דעם קוכער, ער זאָל זיין פאַרציע אוועקגעבן אַן אנדערן!

— איך הער, הער לייטענאַנט. קום, באַלון.

— אַז זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים ארויסגיין, האָט דער לייטענאַנט זיי אפּגעשטעלט און קוקנדיק באַלונען אין איבערגע־שראָקענעם פּנים אריין, האָט ער פייערלעך געמאָלדן:

— דאָס האָסטו זיך אליין פאַרקאָכט אַזאַ קאַשע, באַלון. איך ווינש דיר פיל אפּעטיט! און אויב דו וועסט נאָך אמאָל פּרווון אָפּטאָן מיט מיר אַזאַ שטיק, וועל איך דיך אָן רחמנות איבערגעבן אין געריכט.

אַז וואַנעק איז געקומען און האָט געמאָלדן, אַז באַלון איז שוין צוגעבונדן, האָט לייטענאַנט לוקאַש געזאָגט:

— איר קענט מיך, וואַנעק, און איר ווייסט, אַז איך האָב ניט ליב אנצווענדן אַזעלכע מיטלען; נאָר עס איז שוין קיין ברירה ניט געווען. ערשטנס דאַרפט איר מודה זיין, אַז אפילו א הונט בורטשעט ווען מען נעמט ביי אים צו א ביין. איך וויל ניט האָבן שטענדיק צו טאָן מיט אַזעלכע מנוולים, און צווייטנס, וועט דאָס, וואָס באַלון איז צוגעבונדן צום סלופּ, האָבן א גרויסן מאָראַלישן און פּסיכאָ־לאָגישן באַטייט פאַר אונדזער גאַנצן באַשטאַנד. זינט מען האָט די סאָלדאַטן באַשטימט אין דער מאַרש־ראָטע און זיי ווייסן, אַז אויב ניט היינט איז מאָרגן גייען זיי אוועק אַפן פראָנט, זיינען זיי גאָר צעלאָזן געוואָרן און טוען, וואָס זיי גלוסט זיך. ווי ווען זיי זיך דאָס האַלטן, בשעת מען וועט דאַרפן גיין אין שלאַכט?

— מכּח דעם דאַרפט איר זיך ניט אָפּעסן דאָס האַרץ, הער לייטענאַנט, — האָט קאַפּטענאַרמוס וואַנעק אים גענומען טרייסטן, — עס וועט רעכט ווערן. אַט איך בין שוין געווען אין דריי מאַרש־ראָטעס, און אַלע האָט מען זיי צעקלאַפּט אַף אַש

צוזאַמען מיטן גאַנצן באַטאַליאָן, אַזוי אַז מען האָט געמוזט זיך פונדאַסנײַ פאַרמירן. און אַלע מאַרש־ראָטעס, זאָג איך אײַך, זײַנען געווען פון איין שניט, איינע גענוי ווי די אַנדערע, און קיין איינער אויף אַ האָרעלע ניט בעסער פאַר אײַערער, הער לייטענאַנט. ערגער פון אַלע איז געווען די נײַנטע. זי האָט אַוועקגעשלעפּט דעם גאַנצן קאָמאַנדע־באַשטאַנד, צוזאַמען מיטן ראָטע־קאָמאַנדיר, אין געפאַנגענשאַפט אַרײַן, זיך אונטערגעגעבן. איך בין נאָר געראַ־טעוועט געוואָרן מחמת דעם, וואָס גראָד אין דער צײַט בין איך געווען געגאַנגען אָפּנעמען פון לאַגער ווײַן און ראָם פאַר דער ראָטע, און זיי האָבן אַט דעם דאָזיקן קונץ אָפּגעטאָן אָן מיר...

ראָם הער לייטענאַנט, איז זײַער אַ נויטיקע זאַך אין מלחמה. און ווײַן אויך. אין דעם קאָן מען זיך ניט באַגיין. עס שאַפט, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אַ גוטע שטימונג. פאַר אַ האַלבן בוטעלע ראָם און אַ פערטל ליטער ווײַן וועלן אײַערע מענטשן זיך שלאָגן מיטן טײַוול אַליין... וואָסער בהמה קלאַפּט דאָס אין טיר? קאָן ער ניט איבערלייענען אַז אויף דער טיר איז אָנגעשריבן: „ניט קלאַפּן!“ אַרײַן!

לייטענאַנט לוקאַש האָט זיך איבערגעקערט אויפן שטול און האָט דערזען, ווי די טיר האָט זיך שטיל, אָן רעש אויפגעעפנט און שטיל איז אַרײַן אין דער קאַנצעלאַריע פון דער עלפטער ראָטע דער בראַווער סאָלדאַט שווייק, וואָס האָט געהאַלטן די האַנט בײַם דאַשעק, קענטיק, נאָך זינט יענער צײַט, ווען ער האָט געקלאַפּט אין טיר און געלייענט די אויפשריפט: „ניט קלאַפּן!“

אַט די פּאָזע שווייקס מיט דער האַנט בײַם דאַשעק איז געווען ווי אַנגעמאָסטן צו זײַן אין אַ שיעור צופרידענעם, באַרוטן פּרצוף. אין זײַן גראַעד אוניפאָרם פון אַן עסטרײַכישן פוסגייער־סאָלדאַט האָט ער געהאַט אַ פּנים ווי דער אַלט־גריכישער גאָט פון די גנבים און שווינדלערס.

לייטענאַנט לוקאַש האָט אויף אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן, ווי פאַרבלענדט פון דער ליכטיקער געשטאַלט פון בראַוון סאָלדאַט שווייק, וואָס האָט מיט זײַן בליק אים ווי געקושט און גע־האַלזט.

עס האָט אויסגעזען, אשטייגער, ווי א פאַרבלאָנדזשעטער זון קערט זיך אום צוריק אהיים צו זיין בכבודע טאַטע־מאַמע.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אז איך בין שוין געקומען צוריק, — האָט שווייק אָפּגעראַפּאָרטירט מיט אזא תמימותדיקער אומגעצוווּנגענקייט, אז דער לייטענאַנט איז מיט איין קלאַפּ געקומען צו זיך. זינט יענעם מאָמענט, ווען פּולקאָווניק שרעדער האָט אים געלאָזט צו וויסן, אז שווייק ווערט ווידער באַשטימט אין זיין רשות, האָט לייטענאַנט לוקאַש אין געדאַנק אלץ אָפּגעלייגט די דאָזיקע באַגעגעניש. אלע פרימאָרגן האָט ער געפּרוּווט זיך איינרײדן, אז אָט, אפשר וועט שווייק היינט אויך זיך נאָך ניט מעלדן, אפשר האָט ער דאָרט ווידער עפּעס אָפּגעטאָן, און מען האָט אים ווידער פאַרהאַלטן אויף א שטיקל צייט.

פון די דאָזיקע האָפענונגען האָט זיך אבער אויסגעלאָזן א בוידעם: שווייק איז געשטאַנען פאַר אים אין גאַר זיין ליבער פּראָסטקייט.

דערנאָך האָט שווייק א קוק געטאָן אויפן קאַפּיטענאַרמוס וואַנעק, האָט זיך א קער געטאָן צו אים און האָט מיט א ליבן שמייכל דערלאַנגט אים די פּאַפּירן, וואָס ער האָט ארויסגעשלעפּט פון מאַנטל־קעשענע.

— ערלויבט צו מעלדן, הער קאַפּיטענאַרמוס, אז דאָס זיינען די פּאַפּירן, וואָס מען האָט מיר ארויסגעגעבן אין קאַנצעלאַריע פון פּולק און וואָס איך באַדאַרף אייך איבערגעבן. דאָס איז מכּח מיין שכירות און מכּח מיין שפּייז־פּאָרציע.

שווייק האָט זיך געהאַלטן אין דער קאַנצעלאַריע פון דער 11־טער מאַרש־ראָטע, אזוי ווי ער וואָלט געווען מיט וואַנעקן א ידיד מי יודע פון ווען אָן. האָט דער קאַפּיטענאַרמוס קיין אנדער ברירה ניט געהאַט, ווי צו ענטפערן פּשוט:

— גוט, לייגט זיי אוועק אויפן טיש.

— עס וואָלט געווען זייער גוט, הער קאַפּיטענאַרמוס, ווען איר לאָזט מיך מיט שווייקן אויף א רגעלע אונטער פיר אויגן, — האָט דער לייטענאַנט ארויסגערעדט מיט א זיפץ.

וואַנעק איז באַלד אַרויס און געבליבן שטיין הינטער דער טיר, בכדי אונטערצוהאָרכן, וואָס האָבן זיי דאָס פאַר אַ סודות.

צוערשט האָט ער גאָרנישט געהערט, וואָרום שוויק און לייטענאַנט לוקאַש האָבן געשוויגן. זיי האָבן אַ לאַנגע צייט געקוקט איינער אָפן צווייטן, ווי זיי וואָלטן וועלן אַריינקריכן איינער דעם אַנדערן אין דער נשמה.

צולעצט האָט דער לייטענאַנט איבערגעריסן די דאָזיקע דריקנדיקע שטילקייט מיט ווערטער, וואָס ער האָט געפּרוווט אַריינטאָן אין זיי אַ היפּשע פּאָרציע איראָניע.

— סקאָצל קומט! אַ דאַנק אייך פאַרן באַזוך, שוויק. אַן אַנגעלייגטער גאַסט.

נאָר דאָ האָט ער מער ניט געקאָנט זיך איינהאַלטן. גאָר דער כּעס, וואָס האָט אים געוואָרגן די לעצטע טעג, האָט זיך איצט פון אים אַרויסגעריסן. ער האָט מיט אַזאַ רציחה אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש, אַז דער טינטער איז אונטער־געשפּרונגען אין דער הויך און די טינט האָט פאַרשפּריצט די פּאַפּירן אָפן טיש.

אין דער זעלביקער צייט איז לייטענאַנט לוקאַש אויפ־געשפּרונגען פון שטול, צוגעגאַנגען נאָענט צו שוויקן און אַ הוקע געטאָן:

— איר זייט אַ בהמה, אַ פערד!

און דערנאָך האָט ער גענומען אַרומשפּאַנען אַהין און צוריק איבערן קליינעם חדרל, און איטלעכס מאָל, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי שוויקן, האָט ער אויסגעשפּיגט.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, — האָט גע־זאָגט שוויק, אַז ער דערזעט, אַז לייטענאַנט לוקאַש הערט ניט אויף צו לויפן איבערן צימער און צו שלײַדערן אין ווינקל אַריין שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס ער האָט גענומען פון טיש און צעקנייטשט און צעקנאָטן, — אַז דעם בריוו האָב איך אָפּגעגעבן, ווי עס געהער צו זיין. מאַדאַם קאַקאָני האָב איך געטראָפן געזונטערהייט און איך מעג זאָגן, אַז זי איז טאַקע זייער אַ שיינע דאַמע. אמת, איך האָב זי געזען נאָר אַ וויינענדיקע...

ליטענאַנט לוקאַש האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דעם קאַפּ־טענאַרמוסעס געלעגער און האָט הייזעריק ארויסגערעדט:

— ווען זשע וועט דאָס נעמען א סוף, שווייק?!

— און דערנאָך, — האָט שווייק זיך גערעדט זיינס, אזוי ווי ער וואָלט דעם ליטענאַנטס געשריי גאָר ניט געהערט, — האָט זיך מיט מיר געטראָפן א שטיקל צרה, נאָר איך האָב אלצדינג גענומען אויף זיך. פארשטייט זיך, צוערשט האָט מען מיר ניט געוואָלט גלויבן, אז דאָס האָב איך געשריבן בריוו צו דער דאַזיקער דאַמע, אזוי אז אפן פאַרהער האָב איך גענומען און אראָפּגעשלונגען דעם בריוו בכדי צו פאַררייבן דעם שליאַד. נו און דערנאָך גאָר צופעליק — אנדערש קאָן איך מיר דאָס אליין ניט אויסטייטשן — בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן אין א שטיקל געשלעג. נאָר פון אָט דער מעשה בין איך ארויס מיט כבוד, און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז איך בין אומשולדיק, און דעם אויספאַרש אין דיוויזיע־געריכט האָט מען אָפּגעשטעלט און מען האָט מיר געהייסן גיין צום קאָמאַנדיר פון פולק, בין איך שוין געווען אין קאַנצעלאַריע פון פולק, אפגעוואַרט, ביז דער הער פולקאָווניק האָט באַוויליקט צו קומען, און דער הער פולקאָווניק האָט מיך נאָר אויסגעזידלט א ביסעלע און געזאָגט, איך זאָל תיכּף גיין צו אייך, הער ליטענאַנט, און מעלדן, אז איך בין באַשטימט פאַר אייער אַרדאָנאַנס. און נאָך האָט דער הער פול־קאָווניק געהייסן מיר איבערגעבן אייך, אז ער בעט אייך תיכּף צו קומען צו אים מכּח דער דאָזיקער מאַרש־ראָטע. און איצטער איז שוין אוועק מער ווי א האַלבע־שעה, וואָרום דער הער פולקאָווניק האָט ניט געוווּסט, אז מען וועט מיך נאָך אוועקשלעפּן צוערשט צום קאַסיר פון פולק און אז איך וועל אָפּהיניען ביי אים כּמעט צוואַנ־ציק מינוט, וואָרום פאַר דער גאַנצער צייט האָט מען מיר ניט געהאַט ארויסגעצאָלט קיין שכירות און איך האָב דאָס געמוזט קריגן שוין ניט דורך דער קאַסע פון דער ראָטע, נאָר פון דער קאַסע פון פולק, וואָרום איך בין געווען פאַררעכנט פאַר אן ארעסטאַנט פון פולק. בכלל איז דאָרט ביי זיי אַזאַ מישענינע, אז עס איז משוגע צו ווערן.

אז לייטענאַנט לוקאַש האָט דערהערט, אז ער האָט נאָך מיט א האַלב־שעה צוריק בּאַראַפּט זײַן בּײַם פּולקאָווניק שרעדער, האָט ער, זיך אנטוּעענדיק אף דער גיך, נאָר אויס־גערעדט:

— א דאַנק, שוויק. איר האָט מיר שוין ווידער אריינ־געוואָרפן א שטיין.

געזאָגט האָט ער דאָס מיט אזאַ געהרגעטן קול, פוּל מיט יאוּש, אז שוויק האָט געפּרוּווט אים טרייסטן מיט עטלעכע ווער־טער. אז לייטענאַנט לוקאַש איז העמדום־פּענדום ארויסגעלאָפן פוּן צימער, האָט ער אים נאָכגעשריען:

— נישקשה, ער וועט צוּוואַרטן, דער הער פּולקאָווניק! ער האָט דאָך סיי ווי גאָרנישט וואָס צוּ טאָן!

בּאַלד ווי דער לייטענאַנט איז אוועק, איז אריין אין קאַנ־צעלאַריע קאַפּטענאַרמוּס וואַנעק.

שוויק איז געזעסן אף א שטוּל און האָט געהייצט דאָס אייזערנע אויוועלע, צוגעוואָרפן אלע ווײַלע דוּרכן אָפענעם טירל שטיקלעך קוילן. דאָס אויוועלע האָט גערויכערט, אז מען האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן, נאָר שוויק האָט זיך געטאָן זײַנס, אן צוּ קוקן אין וואַנעקס זײַט... יענער האָט א ווײַלע אזוי געקוּקט אף אים, דערנאָך האָט ער צוגעקלאַפּט דאָס טירל מיטן פוּס און געהייסן שוויקן זיך אפּטראָגן אין גאַנצן פוּן דאַנען.

הער קאַפּטענאַרמוּס, — האָט שוויק געענטפערט מיט ווערדע, — איך ערלויבּ מיר צוּ געבּן אייך צוּ וויסן, אז בּײַם בעסטן ווילן קאָן איך ניט אויספאָלגן אייער בּאַפעל זיך אפּצוּטראָגן אין גאַנצן פוּן דאַנען, פוּן לאַגער, וואָרוּם איך שטיי אוּנטער העכערן בּאַפעל.

— די מעשה דערפוּן איז, — האָט ער מוסיף געווען מיט גאווה, — וואָס איך בּין דאָ אן אָרדאָנאַנס. הער פּולקאָווניק שרעדער האָט מיך בּאַשטימט אין דער 11־טער מאַרש־ראָטע בּײַ לייטענאַנט לוקאַש. פריער בּין איך געווען בּײַ אים א דינער, נאָר פאַר מײַנע קלוּגע המצאות האָט מען מיר געגעבּן א העכערע שטעלע. מיטן הער לייטענאַנט זײַנען מיר אלטע בּאַקאַנטע. און

איר מיט וואָס האָט זיך פאַרנומען פאַר דער מאָבּיליזאַציע, העד קאָפּטענאַרמוס?

— איך בּין, אַזוי צו זאָגן, דער דראָגיסט וואַנעק פון קראַלופּ.

– איך בּין אויך געווען א לערן-יונג אין אן אפּטייק-געשעפט, בּיי א געוויסן הער קאָקאָשקאַ אין פּראָג אף בּאַרג-גאַס. ער איז געווען עפּעס א צעדרייטער, און איין מאָל אז איך האָבּ אומגערן אונטערגעצונדן בּיי אים אין קעלער א פעסל בּענזין און זיין גאַנצער לאַגער איז פאַרבּרענט געוואָרן בּיז א לעק, האָט ער מיך אַרויסגעטריבּן, און מער האָט מען מיך שוין ניט צוגענומען אף קיין שטעלע, און אַזוי האָבּ איך איבּערן שלימזלדיקן פעסל בּענזין ניט געענדיקט מיין לערע. יאָ, איר האַלט פון רפואה-גראָז פאַר קי?

וואַנעק האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— און בּיי אונדז פלעגט מען מאַכן רפואה-גראָז פאַר קי, מיט געהייליקטע בּילדלעך. די מעשה איז, וואָס אונדזער בּעל-הבּית, הער קאָקאָשקאַ, איז געווען זייער א פרומער מאַן און האָט ערגעץ ווו איבּערגעלייענט, אז דער הייליקער פעלעגרינוס האָט אויסגעהיילט עמיצנס בּהמה פון וואַסער-שרעקעניש. האָט ער גענומען און געלאָזט אָפּדרוקן אין א דרוקעריי אין סמיכאָוו די געשטאַלט פון הייליקן פעלעגרינוס און פאַר צוויי הונדערט גולדן הייליקן די בּילדער אין קלויסטער פון עמאוס. דערנאָך האָבּן מיר זיי אַריינגעלייגט אין פּאַקעטן מיט אונדזערע הייל-גראָז פאַר קי. די הייל-גראָז פלעגט מען צומישן צום טראַנק, און אז מען פלעגט די בּהמות געבּן טרינקען, פלעגט מען זאָגן דערבּיי א קורצע תּפילה צום הייליקן פעלעגרינוס, וואָס עס האָט פאַרפאַסט הער טאַוכער, אונדזער קאָמי. די מעשה דערפון איז, וואָס אז די בּילדער פון הייליקן פעלעגרינוס זיינען געווען אָפּגעדרוקט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז מען מוז אף דער צווייטער זייט אָפּדרוקן א קורצע תּפילה. און אַט האָט אונדזער אַלטער, קאָקאָשקאַ, גערופן פאַרנאַכט צו זיך דעם הער טאוכער און האָט אים אויפגעגעבּן, ער זאָל צו מאָרגן אינדערפרי פאַרפאַסן עפּעס א קורצע תּפילה

אפן דאָזיקן הייליקן און אף אונדזערע הייל=גראָזן, און אז צו צען אזייגער, ווען ער וועט קומען אין מאַגאַזין, זאל זי זיין פאַרטיק צום דרוק, ווארום די קי קאָנען זיך קוים דערוואַרטן אף איר. רויט אדער טויט! אויב ער וועט מאַכן א פיינע תפילה, קריקט ער א גולדן, טאָמער ניט מעג ער אין צוויי האָכן ארום גיין ווו די אויגן וועלן אים טראָגן. הער טאַוכער האָט געשוויצט דורך א נאַכט, און אינדערפרי איז ער געקומען עפענען דעם מאַגאַזין ניט קיין אויסגעשלאָפענער, און ער האָט קיין זאך ניט געהאַט פאַרטיק. ער האָט אפילו געהאַט פאַרגעסן, ווי האָט געהייסן אט דער הייליקער פאַר די קיעשע גראָזן. נאָר דאָ איז געקומען אונדזער געהילף פערדינאַנד און האָט אים ארויסגעהאָלפן. דאָס איז געווען א יונג א בריה. אז ביי אונדז אפן בוידים פלעגט זיך טריקענען רומיאַניק, פלעגט ער אלע מאָל ארויפקלעטערן אהין, אויסטאָן זיך באָרוועס און ווייזן אונדז, וואָס מען דאַרף טאָן, אז די פיס זאָלן ניט שוויצן. אפן בוידים פלעגט ער אויך כאַפן טויבן, האָט פאַרשטאַנען צו עפענען דעם בעל=הביתס טיש=קעסטל און ארויסנעמען פון דאָרט געלט און האָט אונדז נאָך אויסגעלערנט פאַרשיידענע מאַניפאַרגעס מיט דער סחורה. איך בין געווען א אינגל, האָט זיך ביי מיר אינ= דערהיים אנגעקליבן א גאַנצער אפטייק פון דעם, וואָס איך האָב אנגעשלעפט פון מאַגאַזין, אזעלכע זאַכן, וואָס מען קאָן אמאָל אין א גרויסן שפיטאָל ניט געפינען!... מילא בקיצור, אט דער יאַט האָט דאָס געהאָלפן דעם הער טאַוכער. ער האָט נאָר געזאָגט: „ווייזט אָקאָרשט אהער, הער טאַובער, לאָמיך נאָר זען, וואָס דאָ טוט זיך". האָט שוין הער טאַוכער געשיקט נאָך ביר פאַר אים. איך האָב נאָך ניט באַוויזן קומען מיט די ביר, איז שוין אונדזער פערדינאַנד געווען פאַרטיק מיט א העלפט און האָט אונדז שוין פאָרגעלייענט. און דערנאָך, אז ער האָט אויסגעטרונקען די ביר און האָט ווי געהעריק א לעק געטאָן ביטערע טראָפּנס, איז שוין אוועק ביי אים ווי געשמירט, און אין איין צוויי=דריי האָט ער אנגעשריבן דעם סוף.

דערנאָך אז הער קאָקאָשקאָ איז געקומען, איז הער טאַוכער אוועק מיט אים אין קאָנטאָר, און אז ער איז פון דאָרט ארויס,

האָט ער אונדז באַוויזן צוויי גולדן, און גיט איינעם, ווי עס איז געווען אפגערעדט, און האָט באַלד אפן ארט געוואָלט זיך טיילן מיטן הער פערדינאַנד. נאָר פערדינאַנד, אז ער האָט דערזען צוויי גולדן, איז ער געוואָרן א פאַרברענטער. זאָגט ער: „גיב אהער ביידע, אניט דאַרף מען גאָרניט!" בקיצור, הער טאָוכער האָט אים גאָרניט געגעבן און געלאָזן פאַר זיך ביידע גולדן. דערנאָך האָט ער מיך ארויסגערופן אין הינטערשטן קאַמער, אראָפּגעלאָזן מיר א געזונטן פראַשק און געזאָגט, אז איך וועל קריגן נאָך הונדערט אזעלכע פרעשק, ווען איך וועל זיך דערוועגן ווען עס איז אויסצוזאָגן, אז ניט ער האָט פאַרפאַסט דאָס לידל, און אויב אפילו פערדינאַנד וועט גיין מסרן דעם אלטן, מוז איך זאָגן, אז ער ליגט. און איך האָב געמוזט אים שווערן דערויף פאַר א בוטל עסיק-עסענס. און אונדזער געהילף האָט געגומען אויסלאָזן גאָר זיין כעס צו אט די הייל-גראָזן פאַר ק׳. די מעשה דערפון איז, וואָס מיר פלעגן דאָס טריקענען אין גרויסע קאַסטנס אפן בוידים. פלעגט ער, ווו ער פלעגט קריגן מייזן-מיסט אהין אריינוואַרפן. אדער ער פלעגט צונויפקלייבן אפן גאַס פערדישע מיסט, אויסטרי־קענען דאָס, צעשטויסן אין א שטייסל — און אויך צושיטן דאָס צו די פאַקעטן מיט די היילגראָזן, מיטן בילד פון הייליקן פע־לעגרינוס! אבער דאָס אליין איז אים געווען נאָך ווינציק. ער...

נאָר דאָ האָט א קלונג געטאָן דער טעלעפאָן. דער קאַפּטענאַרמוס האָט געכאַפּט דאָס טרייבל, און דערנאָך ברוגז אויפגעהאַנגען דאָס צוריק אפן ארט און מיט רוגזה א בורטשע געטאָן:

— מען רופט מיך ארויס אין קאַנצעלאַריע פון פולק. וואָס איז דאָס אזוי אין מיצקע דערינען! דאָס איז מיר גאָר ניט געפעלן!

שווייק איז ווידער געבליבן איינער אליין.

באַלד האָט ווידער א קלונג געטאָן דער טעלעפאָן.

שווייק האָט גענומען זיך אויסטענען:

— ווער מען דאַרפט איר? וואַנעקן? ער איז אוועק אין קאַנ־צעלאַריע פון פולק... איר דאַרפט וויסן, ווער איז ביים טעלעפאָן?

דער אָרדאָנאַנס פון דער 11־טער מאַרש־ראָטע, און ווער פרעגט?
דער אָרדאָנאַנס פון דער 12־טער מאַרש־ראָטע? א גוטן, קאָלעגע.
ווי הייס איך? שווייק. און דו? בראַון? הער זיך איין, ביסטו ניט א
קרוב פון יענעם בראַון, וואָס האַלט א מאַגאַזין פון היט אף דער
ברענ־גאַס אין קאַראָלינענטאַל? וואָס? דו קענסט אפילו אזעלכן
ניט?.. ניין, איך קען אים אויך ניט. איך בין נאָר אַמאָל פאַרביי־
געפאָרן אפן טראַמוויי, איז מיר גראָד די פירמע אריין אין די
אויגן. וואָס עס הערט זיך?.. פרעגט מיר א גרינגערע זאַך... ווען
מיר פאָרן? איך האָב נאָך מיט קיינעם ניט גערעדט מכח פאָרן.
ווו אַהין באַדאַרפן מיר דאָס פאָרן?

— אט א פערדישע קאָפּ! פאַרשטייט זיך, מיט דער מאַרש־
ראָטע אפן פראָנט.

— איך האָב וועגן דעם נאָך גאָרנישט ניט געהערט.

— נו, ביסט נישקשה פון אן אָרדאָנאַנס! ווייסטו ניט, דיין
וויצע־לייטענאַנט...

— מיינער איז ניט קיין וויצע, ער איז א לייטענאַנט...

— דאָס איז אַלץ איינס. הייסט דאָס, אז דו ווייסט ניט,
צי איז דיין לייטענאַנט אוועק אף א באַראַטונג צום פּאָל־
קאָווניק?

— איך ווייס אז יענער האָט אים גערופן צו זיך.

— אט זעסטו. אונדזערער איז אויך אוועק צו אים, און
פון דער 13־טער אויך; איך האָב אקאָרשט גערעדט אין טעלעפאָן.
דו ווייסט ניט, די מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע פאַקט זיך שוין?

— פרעג מיך א גרינגערע זאַך.

— מאַך זיך ניט געפּגרט! נו, און אייער קאַפּטער האָט
געקראָגן עפּעס א באַפעל? וויפיל מענטשן איז ביי אייך?

— איך ווייס ניט.

— אידיאָט איינער! וואָס, איך וועל דיך אויפעסן, צי וואָס?
(מען הערט, ווי דער וואָס רעדט זאָגט שטילערהייט עמיצן א
צווייטן: „נעם דאָס צווייטע טרייבל, פראַנץ, וועסטו וויסן, וואָס
פאַר א לייטענער גולם עס איז דאָרט ביי זיי אין דער 11־טער
ראָטע דער אָרדאָנאַנס!") האַלאָ, האַלאָ־אָ! ביסט אַנטשלאָפן געוואָרן,

צי וואָס? נו, ענטפער דאָך, ווען מען פרעגט בײַ דיר, קאָלעגע. הייסט דאָס, דו ווייסט נאָך גאָרנישט? וועמען דערציילסטו דאָס מעשׂיות? האָט אײַך דען דער קאַפּטער ניט געזאָגט, אַז מען וועט אײַך אַרויסגעבן קאָנסערוון? וואָס? דו האָסט מיט אים ניט גערעדט מכּח אַזוינע זאַכן? אידיאָט, בפירוש אַן אידיאָט!.. וואָס, דאָס האָט צו דיר קיין שייכות ניט? (מען הערט לאַכן). וואָס, ברודער, ביסט ניט אַראָפּגעפאַלן פון אויוון? נו גוט, אַז דו וועסט עפּעס געוואָר ווערן, זאָלסטו אָנקלינגען צו אונדז אין דער צוועלפטער מאַרש=ראָטע, טיפּשל... פון וואָסערע קאַנטן ביסטו דאָס?

— פון פּראָג.

— דו וואָלסט באַדאַרפט האָבן מער שכל... וואַרט נאָך עפּעס. ווען איז אייער קאַפּטער אַוועק אין קאַנצעלאַריע?

— מיט אַ ווײַלע פריִער האָט מען אים אַרויסגערופן.

— וואָס זשע האָסטו דאָס פריִער ניט געזאָגט? אונדזערער איז אויך אַקאָרשט אַרויס, ניט אַנדערש בײַ זיי גרייט זיך עפּעס. מיט דער געפּעק=קאָמאַנדע האָסטו נאָך ניט גערעדט?

— ניין.

— יעזוס=מאַריאַ=יאָזעף! און דו זאָגסט נאָך אַז דו ביסט פון פּראָג. דו טראַכטסט דאָך וועגן קיין זאַך ניט. וואָס טוסטו אַ גאַנצן טאָג.

— איך בין נאָר מיט אַ שעה צוריק געקומען צוריק פון דיוויזיע=געריכט.

— אַ, דאָס איז שוין אַנדערע דיבורים! הער זיך איין, חבר, אויב אַזוי וועל איך נאָך הײַנט אַ־ײַנגיין צו דיר כאַפּן אַ שמועס... נו, לייג אַוועק דאָס טרײַבל!

שווייק האָט אַקאָרשט געוואָלט פאַרויכערן די ליולקע, ווי דער טעלעפאָן האָט ווידער גענומען קלינגען. „כאַפּט אײַך דער טײַוול מיט אייער טעלעפאָן אין איינעם! — האָט שווייק אַ טראַכט געטאָן, — אויך מיר אַן עסק — פירן מיט אײַך שמו=עסן“.

נאָר דער טעלעפאָן האָט געוואַלדעוועט אַן רחמנות. ביז שווייק איז אַרויס פון די כלים, האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טרייבל און גענומען רייסן זיך אױף אַ קול:

— האַל־ל־אָ־אָ־אָ! ווער ביים טעלעפאָן? עס רעדט שווייק, דער אָרדאָנאַנס פון דער 11־טער מאַרש־ראָטע.

לויט דער שטים, וואָס האָט אים געענטפערט, האָט שווייק דערקענט דעם לייטענאַנט לוקאַש.

— וואָס טוט איר דאָרטן, צו אַל די שוואַרצע יאָר? ווו איז וואַנעק? רופט אים תיכּף צו צום טעלעפאָן!

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, אַז מען האָט געקלונגען אַהער אין טעלעפאָן...

— הערט זיך איין, שווייק, איך האָב קיין צייט ניט צו פירן מיט אייך שמועסן. שמועסן אין טעלעפאָן בעתן דינסט איז גאָר אַן אַנדער זאַך, ווי שמועסן אין טעלעפאָן, ווען מען לאַדט איין צו מיטאָג. טעלעפאָן־שמועסן מוזן זיין קורצע און שאַרפע. ביי טעלעפאָן־שמועסן היפּט מען אַריבער אַלע טיטלען און אַלע „האָב דעם כּבוד צו מעלדן" און כּדומה נאָך אַזוינס. פרעג איך אייך, הייסט דאָס, שווייק, צי האָט איר אונטער דער האַנט וואַנעקן. אויב יאָ, זאָל ער תיכּף צוגיין צום טעלעפאָן.

— באַין אופן, ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, וואַנעקן האָב איך ניט אונטער דער האַנט. ער איז אַ ביסל פריער, אַן ערך ניט מער ווי אַ פערטל שעה צוריק, אַרויסגערופן געוואָרן פון דער קאַנצעלאַריע אין דער קאַנצעלאַריע פון פּולק.

— וואַרט אויס, שווייק, איך וועל קומען, וועל איך זיך שוין נעמען פאַר אייערע ביינער! וואָסי, קירצער קאָנט איר גאָר ניט ריידן? איז הערט אויס מיט קאָפּ, וואָס איך וועל אייך איצט זאָגן סטאַרעט זיך אַלץ צו פאַרשטיין, איר זאָלט דערנאָך ניט האָבן קיין אויסרייד, אַז קלאָמפּערשט אין טעלעפאָן האָט אַלץ געטרעשטשעט און געכריפּעט. באַלד ווי איר וועט אויפהייבן דאָס טרייבל...

פויזע. ווידער א קלינגעריי, אז עס פאַרהילכט דעם קאָפּ...
שווייק האָט געכאַפּט דאָס טרייבל; און אַף אים האָבן זיך א שאָט געטאָן זידלערייען ווי האָגל.

— פערדאַטש איינער, ליימענער גולם, מנוול... וואָס טוט איר דאָס? פאַרוואָס האָט איר איבערגעריסן אין מיטן?

— אנטשולדיקט, איר האָט באַפוילן אויפצוהייבן דאָס טרייבל...

— וואַרט נאָר, שווייק, אין א שעה ארום קום איך צוגיין, דעמאָלט וועט איר קיין האַניק ניט לעקן... איצט איז אט וואָס: איר נעמט תיכּף די פיס אין די הענט, גייט אוועק אין באַראַק, זוכט אויס אן אונטער־אָפיצער, אשטייגער פוקסן, און זאָגט אים, ער זאָל תיכּף נעמען צען מאַן און גיין מיט זיי אין דעפּאָ צונעמען קאָנסערוון. חזרט איבער, וואָס האָט ער צו טאָן?

— נעמען צען מאַן און גיין מיט זיי צונעמען פון דעפּאָ קאָנסערוון.

— כאַטש איין מאָל ניט צעדרייט! איך וועל דערווייל אָנ־קלינגען אין דער קאַנצעלאַריע פון פּולק צו וואַנעקן און אים באַפוילן אויך אוועקצוגיין צום דעפּאָ צונעמען די קאָנסערוון. אויב ער וועט פאַרגיין פריער אין קאַנצעלאַריע, זאָל ער אלצדינג לאָזן און לויפן לויפנדיק צום דעפּאָ. און איצט מעגט איר אויפ־הייבן דאָס טרייבל.

שווייק האָט א לאַנגע צייט אומזיסט ארומגעזוכט ניט נאָר דעם אונטער־אָפיצער בראַון, נייערט בכלל עמיצן פון די אונטער־אָפיצערן, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, האָבן זיי אלע געהאַט זיך צונויפגעקליבן אין קיך און געגעסן די שיריים פונם טיש פון די אָפיצערן און געוויילט זיך מיטן אנבליק פון באַלונען וואָס איז געווען צוגעבונדן צום סלופּ. יענער איז, אמת, געשטאַנען אַף דער ערד מיטן גאַנצן טריט, ווייל מען האָט אַף אים פאַרט רחמנות געהאַט, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער אויסגעזען קאָמיש גענוג. איינער פון די קוכערס האָט אים ארויסגעטראָגן א האַלב ארומגענריזשעטן ביין און האָט דאָס אים אריינגעשטעקט אין מויל, און באַלון, דער צוגעבונדענער ריז, וואָס האָט ניט געקאָנט צוהעלפן מיט די הענט,

האָט פאַרזיכטיק אַרומגעדרייט דעם בײַן אין זײַן ברייטן מויל, גע־אַרבעט מיט די ציין און מיט די יאַסלעס, און זײַן פּנים איז געווען ווילד, ווי בײַ א שד פון וואַלד.

— ווער איז דאָ פון אײַך אונטער־צער פוקס? — האָט שווייק געפרעגט, אז ער האָט זיך סוף כּל סוף געפונען.

פוקס האָט ניט געפונען פאַר נייטיק זיך אָפּצורופן, ווײַבאַלד ער האָט דערהערט, אז דער וואָס פרעגט זיך נאָך אויף אים איז א פּראָסטער סאָלדאַט.

— נו? — האָט אַרויסגערעדט שווייק. — וועל איך נאָך לאַנג באַדאַרפן פרעגן? ווו איז אונטער־צער פוקס?

דעמאָלט איז פוקס אַרויסגעטראָטן און האָט מיט גרויס גדלות גענומען זידלען זיך מיט בּלערלײַ מיאוסע ווערטער און האָט דערקלערט אז מען טאָר ניט זאָגן: „ווו איז דער אונטער־צער?“ נאָר מען מוז זאָגן: „ערלויבט צו מעלדן, ווו איז דער אונטער־אַפּיצער?“ און ווען עמיצער אין זײַן אָפּטייל זאָגט ניט „ערלויבט צו מעלדן“, קריגט ער גלײַך אין די ציין.

— שאַט, שאַט, ניט אזוי באַלד מיטן ירגזון! — האָט שווייק געענטפערט רואיק. — פערערט זיך ניט געזאַמט און גייט אַריין אין באַראַק, נעמט צען מאַן און לויפט אין דעפּאָ אַריין — אָפּנעמען קאָנסערוון.

אונטער־אָפּיצער פוקס איז געוואָרן אזוי פאַרחידושט, אז ער האָט געקאָנט נאָר אויסריידן:

— וואָ־אָס?

— ניטאָ קיין שום „וואָ־אָס“, — האָט שווייק געענטפערט. איך בין אָרדאָנאַנס פון דער 11־טער מאַרש־ראָטע און איך האָב אקאָרשט גערעדט אין טעלעפאָן מיטן הער לייטענאַנט לוקאַש. און ער האָט מיר געזאָגט: „לויפנדיק מיט 10 סאָלדאַטן אין דעפּאָ“. אזוי אז אויב איר וועט ניט גיין, הער אונטער־אָפּיצער פוקס גיי איך שוין צוריק צום טעלעפאָן. דער הער לייטענאַנט וויל ניט אנדערש, איר זאָלט גיין. בכלל איז אַרויסגעוואָרפן די רייד מכּח דעם. וואָרום א שמועס אין טעלעפאָן, האָט געזאָגט הער לייטענאַנט לוקאַש, מוז זײַן קורץ און שאַרף. אויב עס איז

געוואָרן געזאָגט, אז אונטער־צער פוקס זאָל גיין, גייט ער. אז א באַפעל — איז ניט קיין שמועס אין טעלעפאָן, ווען מען פאַרבעט עמיצן אף מיטאָק, אין מיליטער־דינסט, און נאָך אין קריג דערצו, איז איטלעכע זאַמעניש א פאַרברעך! און נאָך האָט דער הער לייטענאַנט געזאָגט, אז אויב דער אונטער־צער פוקס וועט תיכּף ניט גיין, ווי עס איז אים באַפוילן, זאָל איך דאָס ניט געזאָמט מעלדן דעם הער לייטענאַנט אין טעלעפאָן, און ער וועט שוין דעמאָלט אננעמען מיטלען, אזוי אז פון אונטער־צער פוקס וועט בלייבן א קעזיקל. יאָ, מיין טייערער, איר קענט נאָך ניט דעם הער לייטענאַנט!

שווייק האָט מיט נצחון א קוק געטאָן אף די אונטער־אפיצערן, וואָס זיינען מיט אן אמת געוואָרן צעטומלט און אויפ־גערודערט פון זיין ארויסטרעט.

אונטער־אפיצער פוקס האָט עפּעס א בורטשע געטאָן אונטערן נאָז און איז האַסטיק ארויס, און שווייק האָט אים נאָכ־געשריען:

— הייסט דאָס, איך מעג טעלעפאָנירן דעם הער לייטענאַנט, אז אלץ איז אין ארדענונג?

— איך וועל באַלד זיין מיט צען מענטשן אין דעפּאָ, — האָט אונטער־אפיצער פוקס זיך אפּגערופן פון באַראַק, און שווייק איז, אן ווייטער א וואָרט צו פאַרלירן, אוועק פון דער גרופּע אונטער־אפיצערן, וואָס זיינען געווען פּונקט אזוי מבולבל, ווי פוקס.

— הייסט דאָס, עס הויבט זיך אן! — האָט באַמערקט דער קליינער קאַפּראַל בלאַזשעק. — מיר פאָרן.

געקומען צוריק אין דער קאַנצעלאַריע פון דער 11־טער מאַרש־ראָטע, האָט שווייק ווידער אמאל ניט באַוויזן צו פאַר־רויכערן, ווי עס האָט ווידער געגומען קלינגען דער טעלעפאָן. דאָס איז געווען לייטענאַנט לוקאַש.

— ווו ווערט איר דאָרט פאַרפאַלן, שווייק? איך קלינג שוין דאָס דריטע מאָל, און קיינער ענטפערט ניט.

— איך האָב זיי אלעמען צונויפגערופן הער לייטענאַנט.

— נו, איז וואָס? זײַנען זי שוין אוועק?

— פאַרשטייט זיך, אוועק, נאָר איך ווייס ניט, צי זיי זײַנען שוין דאָרט. זאָל איך ניט אַ לאָף טאָן אַ קוק געבן?

— איר האָט, הייסט דאָס, געפונען דעם אונטער־אָפיצער פוקס?

— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאַנט, געפונען. צוערשט האָט ער זיך אָף מיר אָנגעדרודלט, נאָר אַז איך האָב אויסגעטײַטשט, אַז די שמועסן אין טעלעפאָן מוזן זײַן קורצע און שאַרפע...

— באַלעבעט ניט, שוויק... וואַנעק איז נאָך ניט צוריק?

— באין אופן, הער לייטענאַנט.

— שרײַט ניט אַזוי אַרײַן אין טרײַבל. און ווייסט איר ניט, וווּ אַט דער שלימזלדיקער וואַנעק קאָן זײַן?

— באין אופן, הער לייטענאַנט, איך ווייס ניט וווּ ער קאָן זײַן דער דאָזיקער שלימזלדיקער וואַנעק.

— אין קאַנצעלאַריע פון פּולק איז ער געווען, און דערנאָך איז ער ערגעץ אוועק. איך מיין, אַז גיכער פון אַלץ זיצט ער אין בופעט. גייט דעריבער נאָך אים און זאָגט אים, אַז ער זאָל תיכף גיין אין צייכהויז. און דערנאָך אַט וואָס. זוכט אָף דעם קאַפּראַל בלאַזשעק און זאָגט אים, ער זאָל תיכף אָפּבינדן דעם דאָזיקן באַלונען, און באַלונען שיקט אַריבער צו מיר. הייננט אויף דאָס טרײַבל.

אַזוי אַרום האָט שוויק אין דער אמתן גענומען זאָרגן וועגן אַלצדינג. ער האָט געפונען דעם קאַפּראַל בלאַזשעק און האָט אים איבערגעגעבן דעם באַפעל פון לייטענאַנט צו באַפרייען באַלונען. בלאַזשעק האָט גענומען בורטשען:

— שטענדיק אַזוי: ווי נאָר דאָס וואַסער דערלאַנגט ביזן האַלז, דערשרעקן זיי זיך.

שוויק האָט צוגעקוקט, ווי מען האָט אָפּגעבונדן באַלונען, און דערנאָך איז ער געגאַנגען מיט אים צוזאַמען, ווײַל זיי האָבן געמוזט פאַרבײַגיין פאַרבײַ דעם בופעט, וווּ שוויק האָט גערעכנט צו געפינען דעם קאַפּטענאַרמוס וואַנעק.

באַלון האָט שווייקן אנגענומען פאַר זײַן פודה ומציל און האָט אים צוגעזאָגט, אז פון אלע גוטע זאַכן, וואָס ער וועט קריגן צוגעשיקט פון דערהיים, וועט ער אים געבן א חלק.

— אין גיכן וועט מען בײַ אונדז שעכטן א חזיר, — האָט באַלון געזאָגט מרה־שחורהדיק. — וואָסער לעבער־וורשט שמעקט דיר בעסער; גערויכערטע אדער פרישע? איך זאָג דיר, איך שרײַב נאָך היינט אין אָוונט א בריוו אהיים. בײַ מיר האָט דער דאָזיקער חזיר בײַ א הונדערט מיט פופציק קילאָ. א קאָפּ איז בײַ אים ווי בײַ א בולדאָק, און די דאָזיקע חזירים זײַנען די בעסטע. צווישן אזעלכע חזירים זײַנען קיין שלעכטע ניטאָ. דאָס איז א מין, וואָס קאָן אויסהאַלטן די גרעסטע קאָנקורענץ. פעטס וועט ער האָבן א פינגער אכט די גרעב. אז איך בין נאָך געווען אינדערהיים, פלעג איך מאַכן אליין לעבער־וורשט, און פלעג זיך אזוי אנעסן, אז איך פלעג שיער ניט צעפּלאַצט ווערן. פאַראיאָרן האָט מײַן חזיר געווויגן הונדערט מיט זעכציק קילאָ.

— יאַ, איז דאָס געווען א חזיר! — האָט ער זיך פאַסמאַקעוועט; דריקנדיק שווייק די האַנט בײַם געזעגענען זיך. — איך האָב אים אליין אָפּגעקאָרמעט מיט בולקעס, און מיר איז אליין געווען א חידוש, ווי ער איז דאָס פעט געוואָרן א מחיה. די זאָדיקעס האָב איך אײַנגעזאַלצן, און אזאַ פײַן שטיקל געבראָטנס, מיט געקאָכטע בולבעס און מיט גריוועניס און מיט זויערע קרויט — דאָס איז דאָך א דעליקאַטעס, און שוין! היינט נאָך אזאַ עסן איז ביר אזאַ מאכל! אך, א לעבן! לעבסט זיך פאַוואָלינקע... און דאָס אלצדינג האָט די מלחמה בײַ אונדז אָפּגענומען!

דער גרויסער באַבאָרדעטער באַלון האָט שווער אָפּגעזיפצט און האָט פאַרקערעוועט צו דער קאַנצעלאַריע פון פולק. שווייק ווידער איז איבער אן אלייע פון הויכע אלטע לינדן־בוימער אוועק אין באַראַק, ווו עס האָט זיך געפונען דער בופעט.

בנתים איז קאַפּטענאַרמוס וואַנעק זיך רואיק געזעסן אין בופעט און האָט דערציילט איינעם זײַנעם א באַקאַנטן פעלדוועבל, וויפיל מען האָט געקאָנט פאַר מלחמה פאַרדינען אף עמאַל־פאַרבן און צעמענט.

דער פעלדוועבל איז שוין געווען שכור. איצט איז ער גע־זעסן א פארחידושטער און האט ניט פארשטאנען קיין איין ווארט, וואס מען האט צו אים גערעדט. ער איז געווען פארנומען מיט זיינע אייגענע געדאנקען און האט עפעס געבאלבעט מכח א שמאלן אייזנבאן.

אז שווייק איז אריין, האט וואנעק דאס דריטע מאל געפּ־רוווט אויסטייטשן דעם פעלדוועבל אין גענויע ציפערן, וויפל לייט פלעגן פארדינען אף איין קילא צעמענט ביי א בוי. דערויף האט דער פעלדוועבל געענטפערט גאר בוידים־פאלעצע:

— ניין, ער איז געשטארבן אף צוריק־וועג, און געבליבן נאך אים זיינען נאר בריוו.

שווייק איז אים גארניט געפעלן געווארן און ער האט אים גענומען זידלען „בויכריידעריי".

שווייק איז צוגעגאנגען צו וואנעקן, וואס איז אויך געווען שטארק בגילופין, נאר ער האט זיך געהאלטן זייער פריינטלעך און מעשה־לייט.

— הער קאפּטענארמוס, — האט שווייק זיך געווענדעט צו אים, — איר האט א באפעל תיכּף צו גיין אין צייכהויז, ווו עס ווארט אף אייך אונטער־אפיצער פוקס מיט צען מאן סאלדאטן, אף אפצונעמען קאנסערוון. אייך איז באפוילן צו לאזן זיך אהין אין לויף־מארש. הער לייטענאנט לוקאש האט שוין צוויי מאל טעלעפאנירט.

וואנעק האט זיך צעלאכט אפן קול.

— א נאר וואלט איך געווען, גאלדעלע מיינס, האט ער אויסגערופן, — אויב איך וואלט דאס געטאן! איך וואלט זיך אליין אויסגעזידלט אף וואס די וועלט שטייט, נשמה מיינע! נאך פאראן צייט איבער גענוג אף אלצדינג. אין קאלנער רעגנט אונדז ניט אריין, טרייסט מיינער איינציקער! אט אז הער לייטענאנט לוקאש וועט האבן אויסגעריכט אזוי פיל מארש־ראטעס, הי איך, דעמאלט ערשט וועט ער מעגן ריידן דאס און יענס, און דעמאלט וועט ער שוין האבן צייט און וועט שוין קיינעם ניט הייסן לויפן. איך האב שוין אין קאנצעלאריע פון פולק געקראגן אזא באפעל, אז

מאָרגן, כּלומרשט, לאָזן מיר זיך אין וועג, אז מען באַדאַרף זיך פּאַקעווען און באַלד גיין אָפּנעמען פּראָוויאַנט אפן וועג. און וואָס האָב איך געטאָן? איך בין זיך גאַנץ רואיק אַריין אהער אויסטרינקען א קווערטל וויין. דאָ איז וואַרים און עס בלאָזט ניט קיין ווינטל, און איך בין גרייט צו פאַרגעסן אלצדינג אף דער וועלט. קאָנסערוון בלייבן קאָנסערוון און פּאָרציע בלייבט פּאָרציע. איך קען דעם צייכהויז א ביסל בעסער, ווי דער הער לייטענאַנט. און ווייס, וואָס עס ווערט גערעדט אף אַזאַ באַראַטונג פון די העכן אפיצערן ביים הער פּולקאָווניק. דאָס מעלט זיך דער הער פּולקאָווניק גאָר אוים אין זיין פאַנטאַזיע, אז אין צייכהויז זיינען פאַראַן קאָנסערוון. אין צייכהויז פון אונדזער פּולק זיינען קיין מאָל קיין קאָנסערוון נים געווען צוגעגרייט. נאָר מען פלעגט זיי אויסשרייבן, אז מען האָט באַדאַרפט. אדער מען פלעגט אנטלייען ביי אנדערע פּולקן. איין בענעשאָווער פּולק זיינען מיר שולדיק א שטיקלעך דריי הונדערט אזעלכע קאָנסערוון. כע-כע! מעגן זיי זיך ריידן אף דער באַראַטונג, וואָס זייער האַרץ גלוסט. נאָר היילן זיך איז ניט כּדאי. ס׳מאַכט ניט אוים, דער אויפזעער פון מאַגאַזין וועט שוין אליין זאָגן די חברה, אז זיי וועלן קומען צו אים, אז זיי זיינען אראָפּ פון זינען. און חוץ דעם, האָט נאָך קיין איין מאַרש-ראָטע נים געקראָגן קיין קאָנסערוון אפן וועג.

— ריכטיק, וואָס איך זאָג, אלטער שוועמל? — האט ער זיך געווענדט צום פעלדוועבל. נאָר יענער האָט שוין געהאַלטן ביים אנטשלאָפן ווערן, אדער ער האָט גערעדט פון היץ, ווארום ער האָט געענטפערט עפּעס גאָר פון א זייטיקן ענין:

— אז זי איז געגאַנגען, האָט זי געהאַלטן אָפן דעם שירים איבערן קאָפּ.

— גלייכער פון אלץ וועט זיין, — האט דער קאַפּטענאַרמוס ווייטער גערעדט, — אויב איר וועט אף אלץ א שפּיי טאָן. ווען מען האָט, אשטייגער, היינט אין קאַנצעלאַריע פון פּולק געמאָלדן, אז מאָרגן לאָזן מיר זיך אין וועג אריין, באַדאַרף דערין אפילו א קליין קינד ניט גלויבן. קאָנען מיר דען פאָרן אָן וואַגאָנעס? פאַר מיר אין די אויגן האָט מען געקלונגען

אף דער סטאַנציע. ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן קיין איין פּריוועט וואַגאָן ניט. מיט דער פריערדיקער מאַרש-ראָטע איז אויך געווען די זעלביקע זאַך... אַזוי אַז עס ברענט ניט, ברודערקע! מיט דער צייט וועט רעכט ווערן, פון הייליניש אָבער קומט קיין גוטס ניט אַרויס!.. גיט נאָך אַ מעסטעלע.

— דער ווייַן איז ביי זיי היינט אויסגעצייכנט, — האָט וואַנעק ווייטער גערעדט. — צוליב וואָס זאָל איך מיר דאָס אומזיסט-אומנישט דרייען דעם קאָפּ מיט אַט דעם מאַרש-באַטאַליאָן, וואָס באַדאַרף אַפּפאָרן? איינפּאַקן זיך וועלן מיר באַוויייזן צוויי שעה פאַרן אָפּפאָרן, דעריבער וועט איר גאָרנישט פאַרזאַמען, ווען איר זעצט זיך צו צו אונדז און...

— איך קאָן ניט, — האָט געזאָגט דער בראַווער סאָלדאַט שוויק ממש מיט מסירות נפש. — איך מוז זיין אין קאַנצעלאַריע, טאָמער וועט עמיצער אנקלינגען אין טעלעפאָן.

— אויב אַזוי גייט געזונטערהייט, גאָלדעלע, נאָר פאַרגעדריינקט אף צייט איר לעבט, עז דאָס איז זייער ניט פיין פון אייך און אַז אַן עכטער אָרדאָנאַנס באַדאַרף קיין מאָל ניט זיין דאָרט, ווו מען דאַרף אים האָבן. מען טאָר ניט דינען מיט אַזאַ התמדה, אמת, אמת, ניטאָ קיין ערגערע זאַך פון אַן אָרדאָנאַנס אַ חסר דעה, וואָס שטייט צו צו איטלעכן ווי אַ קלעק. אַזוי איז די מעשה, נשמה מיינע.

נאָר שוויק איז שוין געווען אף יענער זייט טיר און האָט זיך געאיילט אין דער קאַנצעלאַריע פון דער מאַרש-ראָטע.

וואַנעק איז נאָך אַ צייט לאַנג פאַרבליבן זיצן אין בופעט און האָט געטרונקען און צייטנווייז פלעגט ער זיך דערמאָנען, אַז צען מאַן מיט אַן אונטער-אָפיצער וואַרטן אף אים ביים צייכהויז.

אַז דאָס פלעגט אים אַרויף אפן געדאַנק, פלעגט ער איטלעכס מאָל שטילינקערהייט זיך אויסלאַכן און אָוועקמאַכן מיט די הענט.

אז ער איז סוף כל סוף געקומען אין דער קאַנצעלאַריע פון דער 11-טער מאַרש-ראָטע, האָט ער געטראָפן שווייקן בײַם טעלעפאָן.

ער האָט עפּעס ארויסגעבורטשעט אונטערן נאָז און איז אַן אנגעטאָנענער ארויפגעקראָכן אפן געלעגער און באַלד אנטשלאָפן געוואָרן.

און שווייק איז אַלץ געזעסן און געזעסן בײַם טעלעפאָן, וואָרום מיט צוויי שעה פריער האָט מיט אים גערעדט לייטענאַנט לוקאַש און האָט אים געזאָגט, אז ער געפינט זיך נאָך אַלץ אף דער באַראַטונג בײַם פּולקאָווניק. נאָר ער האָט פאַרגעסן מוסיף צו זײַן, אז שווייק מעג אוועקגיין פון טעלעפאָן.

דערנאָך האָט געקלונגען דער אונטער-אָפיצער פוקס, וואָס האָט די גאַנצע צייט ניט נאָר אומזיסט געוואַרט מיט זײַנע צען סאָלדאַטן אפן קאַפּטענאַרמוס, נייערט ער האָט זיך אויך געמוזט איבערצייגן, אז דער פּראָוויאַנטלאַגער איז פאַרשלאָסן.

סוף כל סוף האָט ער א שפּײַ געטאָן און איז אוועק, און זײַנע מענטשן זײַנען זיך איינער נאָכן אנדערן אוועק אין די באַראַקעס.

און שווייק איז אַלץ געזעסן בײַם טעלעפאָן.

די באַראַטונג בײַם פּולקאָווניק האָט זיך פאַרצויגן. דער פּולקאָווניק האָט געפּלוידערט וועגן אַלץ אין דער וועלט, גערעדט וועגן די פראָנט-ליניע פון פאַר צוויי חדשים, מכח דעם, ווי עס איז וויכטיק א פעסטע פאַרבינדונג צווישן די איינציקע מיליטער-טיילן, וועגן שטיקנדיקע גאַזן, וועגן באַשיסן די פײַנטלעכע אעראָ-פּלאַנען און וועגן פּראָוויאַנט פאַר דער אקטיווער ארמיי, און דערנאָך איז ער אריבער צו די אינעווייניקסטע פאַרהעלטענישן אין דער ארמיי.

ער האָט גענומען ריידן וועגן דער פאַרהעלטעניש פון די אָפיצערן צו די פּראָסטע סאָלדאַטן און וועגן פאַרהעלטעניש פון די פּראָסטע סאָלדאַטן צו זייערע עלטסטע, וועגן פאַלן פון איבערגיין אפן זייט פון שונא וועגן די פּאָליטישע געשעענישן און וועגן

דעם, אז פופציק פראָצענט פון די טשעכישע סאָלדאַטן זיינען „פּאָליטיש נים זיכער"...

דער רוב אָפיצערן האָבן ניט געקאָנט זיך דערוואַרטן, ווען וועט אַט דער אַלטער פלווידערזאַק ענדיקן זיין דרשה, נאָר ער האָט נים אויפגעהערט צו קנאַקן וועגן די נייע אויפגאַבן פון די מאַרש־באַטאַליאָנען, וועגן די אָפיצערן פון פּולק, וואָס זיינען געפאַלן אין שלאַכט, וועגן צעפּעלינס, וועגן קאַוואַלעריע, וועגן דער שבועה...

ביי די לעצטע ווערטער האָט לייטענאַנט לוקאַש זיך דער־מאָנט, אַז דער בראַווער סאָלדאַט שווייק האָט ניט אָפּגעגעבן קיין שבועה צוזאַמען מיטן מאַרש־באַטאַליאָן, ווייל גראָד אין יענער צייט איז ער געווען צוגעשריבן צום דיוויזיע־געריכט.

און דאָ האָט ער זיך פּלוצים ניט געקאָנט מער איינהאַלטן פון געלעכטער. דאָס איז געווען אַ מין היסטערישער געלעכטער, וואָס האָט אָנגעכאַפּט אויך די איבעריקע אָפיצערן, וואָס ער איז געזעסן צווישן זיי. דער געלעכטער האָט געשטערט דעם פּול־קאָווניק צו פאַרענדיקן זיין געדאַנק מכּח דער אַפּלערעניש, וואָס דאָס דייטשע מיליטער האָט אָפּגעלערנט פון זיין אָפּטרעט אין די אַרדענען. ער האָט געמוזט דעם סוף פאַרקוועטשן און האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער, „מיינע הערן, לאַכן איז ניטאָ פון וואָס".

דערנאָך זיינען אַלע אַוועק אין אָפיצער־קלוב, ווייל דעם פּולקאָווניק שרעדער האָט מען אַרויסגערופן דורכן טעלעפאָן אין שטאַב פון בריגאַדע.

שווייק האָט זיך געדרעמלט ביים טעלעפאָן, ווען עס האָט אים אויפגעוועקט אַ שטאַרקער קלונג.

— האַלאָ! — האָט זיך געלאָזט הערן אין טעלעפאָן. — פון דער קאַנצעלאַריע פון פּולק.

— האַלאָ! — האָט געענטפערט שווייק, — דאַ איז די קאַנצעלאַריע פון דער 11־טער מאַרש־ראָטע.

— הערט ניט, — האָט יענע שטים ווייטער גערעדט, — נעם אַ בלייפעדער און שרייב. נעם צו אַ טעלעפאָנאָגראַמע.

„דער עלפטער מאַרש־ראָטע..."

נאָר דאָ האָבן זיך גענומען שיטן אין א ווילדער מישענינע פּראַזע נאָך פּראַזע, וואָרום חוץ דער 12־טער איז נאָך געווען פאַרבונדן די 13־טע ראָטע, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשטערט ריידן, און די טעלעפאָנאָגראַמע איז אין גאַנצן דערטרונקען געוואָרן אין אט דעם דריידל־שטראָם פון ווערטער. שווייק האָט ניט פאַר־שטאַנען קיין איין וואָרט. סוף כל סוף האָט דאָס מאַנע־הויז זיך איינגעשטילט, און שווייק האָט דערהערט אט וואָס:

— האַלאָ, האַלאָ־אָ! איצטער לייען מיר זי איבער און פאַרהאַלט ניט.

— לייענען וואָס?

— וואָס לייענען? פּלאָקן! פאַרשטייט זיך די טעלעפאָנאָ־גראַמע.

— וואָסער טעלעפאָנאָגראַמע?

— ניט געדראַכט זאָלסטו ווערן! ביסטו טויב, צי וואָס? די טעלעפאָנאָגראַמע, וואָס איך האָב דיר דיקטירט גולם.

— איך האָב קיין איין וואָ־ט ניט פאַרשטאַנען. עמיצעד האָט די גאַנצע צייט אונדז געשטערט.

אך דו כלב בן כלבה, וואָס קלערסטו דאָס, איך האָב מיט דיר געשמועסט פון פאַרגעניגן וועגן? זאָג, נעמסט צו די טעלע־פאָנאָגראַמע צי ניין? א בלייפעדער און פּאַפּיר האָסטו? ניין?... און איך זאל וואַרטן, ביז דו וועסט געפינען, געשלייערטע האַנזי? אט זיינען דאס א מין סאָלדאַטן!.. נו, איז וואס וועט זיין? פאַרטיק, זאָגסטו? גאָט צו דאַנקען! האסט זיך משמעות, איבערגעטאָן צוליב דעם, פערדישע קאָפּ... נו, הער זיך צו: „דער עלפטער מאַרש־ראָטע". חזור איבער!

— דער עלפטער מאַרש־ראָטע...

— „דעם ראָטע־קאָמאַנדיר", פאַרשריבן? חזור איבער!

— דעם ראָטע קאָמאַנדיר.

— „קומען מארגן אויף א באַראַטונג". פאַרטיק? חזור איבער.

— קומען מארגן אויף א באַראַטונג...

— ניין אזױגער. „אונטערשריפט". דו װײסט, װאָס דאס איז אזוינס „אונטערשריפט", לעמעך? דאס איז דער נאָמען, חור איבער.

— ניין אזױגער. אונטערשריפט. דו װײסט... װאס דאס איז... אזוינס אונטערשריפט? לעמעך! דאָס איז דער נאָמען.

— אך דו אידיאָט! הייסט דאס — די אונטערשריפט איז: „פולקאָװניק שרעדער". פרא אדם! ס'טפּאַרשריבן!

— פאַרשריבן: פולקאָװניק שרעדער, פרא אדם.

— גוט, פלאקן. װער האט די טעלעפאָנאָגראַמע צוגענומען?

— איך.

— אך, פגרן זאלסטו! װער איז דאס אט דער „איך", װער?

— שװייק. נאָך עפּעס?

— א דאנק גאָט, מער גאָרנישט. דו האסט באַדאַרפט הייסן ניט שװייק, נאָר שװ... נאָר מילא. זאָל זיין אזוי. װאָס הערט זיך ביי אייך נײס.

— גאָרנישט. אלץ װי געװען.

— ביסטו צופרידן? װאָס איז דאָ פאר א מעשה מען האָט היינט עמיצן ביי אייך צוגעבונדן?

— צוגעבונדן? יאָ, דעם באַדינער פון הער לייטענאַנט, דערפאַר, װאָס ער האָט אויפגעפרעסן זיין גאַנצן מיטאָק.

— נו, װײסטו, װען מיר לאָזן זיך אין װעג?

— װאָס איז דאָס פאַר א פראַגע, נאַרישער מח? דאָס װײס אפילו אונדזער אלטער אויך ניט.

— אויב אזוי, א גוטע נאַכט. װי איז ביי אייך — א סך פליי?

שװייק האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל און גענומען װעקן דעם קאַפּטענאַרמוס. יענער האָט ברוגז אים אפגעשטופּט, און אז שװייק האָט גענומען אים טרייסלען, האָט װאַנעק אים דערלאַנגט א זעץ אין נאָז, האָט זיך אויסגעצויגן אפן בויך און גענומען בריקעװען זיך מיט אלע פיר.

נאָר פאָרט האָט שווייקן אפגעגאָלטן פונאַנדערצוטרייסלען וואַנעקן אף אזוי פיל, אז יענער האָט זיך אומגעקערט אפן רוקן און רייבנדיק די אויגן געפרעגט, וואָס איז געשען.

— נישט באַזונדערס, — האָט געענטפערט שווייק, — נאָר מיר האָט זיך געוואָלט אן עצה האַלטן זיך מיט אייך. אקאָרשט האָב איך צוגענומען א טעלעפאָנאָגראַמע, אז הער לייטענאַנט לוקאַש מוז קומען מאָרגן ניין אזייגער אינדערפרי צום הער פולקאָווניק. ווייס איך ניט, וואָס איך זאָל טאָן. זאָל איך גיין צו אים גלייך און מעלדן מכּח דעם, אדער ערשט מאָרגן אינדערפרי? איך האָב א צייט לאַנג זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך אייך וועקן צי ניט, וואָרום איר האָט אזוי זיס געשלאָפן, אפילו געכראָפּעט, דערנאָך האָב איך באַשלאָסן: וואס וועט זיין וועט זיין — גלייכער זיך האַלטן אן עצה...

— איך בעט אייך, האָט רחמנות, לאָזט מיך שלאָפן א ווײַלע, — האָט וואַנעק ארויסגעקרעכצט מיט א ברייטן געגעץ.

— גייט אהין מאָרגן פרי, און מיך זאָלט איר מער ניט וועקן.

ער האָט זיך שווער איבערגעקערט אף א זייט און איז תּיכּף ווידער אנטשלאָפן.

שווייק האָט זיך ווידער צוגעזעצט צום טעלעפאָן. ער האט שוין געהאַט איינגעדרעמלט, מיטן קאָפּ אפן טיש, ווען א קלונג האָט אים אויפגעוועקט.

— האַלאָ! די 11-טע מאַרש-ראָטע?

— יאָ, די 11-טע מאַרש-ראָטע. ווער רעדט?

— די 13-טע מאַרש-ראָטע. האַלאָ, האַלאָ-אָ! זאָג נאר, ווי פיל איז בּיי דיר דער זייגער? איך קאָן זיך ניט דערקלינגען אין וואַך-לאָקאַל. זיי האבן שוין לאַנג באַדאַרפט קומען מיך פאַרבייטן.

— בּיי אונדז שטייט דער זייגער.

— הייסט דאס, ניט בעסער ווי בּיי אונדז. האסט ניט געהערט, ווען פאַרן מיר? ניט גערעדט מיט דער קאַנצעלאַריע פון פולק?

— זיי ווייסן דאָרט אויך, ווער עס האט זיי באַ...

— אך פרײלן, טוט א טובה, א קאַפּעלע איידעלער! העט זיך איין, קאָנסערוון האָט מען אייך שוין ארויסגעגעבן? פון אונדזער ראטע איז מען געגאנגען. נאר געבראַכט א פייג. דער פּראָוויאַנט=לאַגער איז געווען פאַרשלאָסן.

— אונדזערע זיינען אויך געקומען מיט ליידיקע הענט.

— בכלל, אומזיסט אומנישט מאַכן זיי אן א פּאַניקע. ווי מיינסטו, ווו אהין וועט מען אונדז פירן?

— קיין רוסלאַנד.

— אין איך מיין, אז גיכער פון אלץ קיין סערביע. מילא, דאָס וועלן מיר זען, אז מירן זיין אין פעשט. וועט מען אונדז פירן פון דארט רעכטס, הייסט דאָס, אז ניט אנדערש ווי קיין סערביע, און טאמער לינקס, הייסט דאס, אז קיין רוסלאַנד... וויפיל זייט איר ביים טעלעפאן? דו אליין? אויב אזוי, שפּיי אן אף אים און לייג זיך שלאָפן. מאָרגנע פאָראָנדקעס ביי אייך... וואס? דו שלעפסט ווי אן אייזל? אט, געקומען סוף כל סוף מיך פאַרבייטן! האב זיך מיר און זיי זיך מיר! שלאף געזונטערהייט!

און שוויק איז טאַקע געשמאַק אנטשלאָפן געוואָרן נעבן טעלעפאָן, פאַרגעסן אויפצוהיינגען דאָס טרייבל, אזוי אז קיינער האט אים שוין מער ניט געשטערט שלאפן. דער טעלעפאָניסט פון דער קאַנצעלאַריע פון פולק איז געוואָרן הייזעריק זידלענדיק זיך, פאַרוואס ער קאן זיך ניט דערקלינגען צו דער 11=טער ראָטע, בכדי איבערצוגעבן א טעלעפאָנאָגראַמע מיט אַזאַ אינהאַלט: אלע, וואס מען האט זיי נאך ניט געמאַכט די איינשפּריצונג קעגן טיפוס, זיינען מחויב צו קומען מארגן ביז צוועלף אזייגער אין קאַנצעלאריע פון פולק.

אין דער זעלביקער צייט איז לייטענאַנט לוקאַש געזעסן מיטן מיליטער=דאָקטאָר שאַנצלער אין אפיצער=קלוב. דער מיליטער דאָקטאָר איז געזעסן רייטנדיק אף א שטול און האָט דעקלאמירט אף אויסווייניק די סאַניטאַרע כללים אף מלחמה. דערביי האָט ער צוגעקלאַפּט צום טאַקט מיט א ביליאַרד=קי אן דיל:

„דער סולטאַן פֿון די סאַראַצינען סאַלאַחעדדין האָט דער ערשטער אנערקענט, אז די סאַניטאַרע אפּטיילונגען טאָרן ניט גע-שעדיקט ווערן".

„מיט היילונג מוזן זיין באַזיכערט די פאַרוואונדעטע פון ביידע געגנערישע צדדים".

„די קאָסטן פאַר מעדיקאַמענטן און פאַרן צוזען באַצאָלט דער צד שכנגד"...

און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. דאָקטאָר שאַנצלער האָט שוין געהאַט דערביי צעבראכן צוויי קים, נאר ביזן סוף איז נאָך געווען ווייט.

לייטענאַנט לוקאַש האָט אויסגעטרונקען שווארצע קאַווע און איז אוועק אהיים. דארט האָט ער געטראָפן דעם באַבאָרדעטן ריז באַלונען, ווי ער פרעגלט טיי-ווורשט אף זיין, דעם לייטענאַנטס שפירט-ברענער.

— איך האָב זיך דערלויבט, — האָט גענומען באַלון טענען שטאַמלענדיק, — איך האָב זיך דערלויבט, האָב איך דעם כבוד צו מעלדן...

לייטענאַנט לוקאַש האָט אף אים א קוק געטאָן. אין יענעם מאָמענט האָט באַלון אויסגעזען ווי א דערוואקסן קינד, א תמימותדיק באַשעפעניש, און דער לייטענאַנט האָט פלוצים אף אים רחמנות געקראָגן, און אים האָט פאַרדראָסן וואָס ער האָט געהייסן אים צובינדן פאַר זיין ניט צו שטילנדיקן הונגער.

— פרעגל, פרעגל, באַלון, — האָט ער ארויסגערעדט-אויסטאָענדיק דאָס געווער. — מארגן וועל איך הייסן אויסשרייבן פאַר דיר אן איבעריקע פאַרציע ברויט.

לייטענאַנט לוקאַש האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש און אַזאַ מרה שחורהדיקער שטימונג, אז ער האָט גענומען שרייבן זיין מומע א סאַנטימענטאַלן בריוו.

„טייערע מומעלע.

אקאָרשט געקראָגן א באַפעל צוצוגרייטן זיך צו פאָרן מיט מיין ראָטע אפן פראָנט. עס קאָן געמאָלט זיין, אז דער דאָזיקער בריוו וועט זיין דער לעצטער, וואָס דו קריגסט פון מיר, וואָרום

אומעטום גייען שווערע שלאַכטן און אונדזערע אָנווערן זיינען זיי־
ער גרויס. דערפֿאַר איז מיר זייער שווער צו פֿאַרענדיקן דעם
דאַזיקן בריוו מיט די ווערטער „צום ווידער זען" עס וואָלט זיך
מיר געפּאַסט צו שיקן דיר דעם לעצטן „זײַ געזונט"...

„מילא, דאָס איבעריקע וועל איך צושרייבן מאָרגן אינדערפֿרי",
— האָט אַ טראַכט געטאָן לייטענאַנט לוקאַש און האָט זיך גע־
לייגט שלאָפֿן.

אַז באַלון האָט דערזען, אַז דער לייטענאַנט איז פֿעסט
איינגעשלאָפֿן, האָט ער ווידער גענומען בעלי־בתּעווען אין וווינונג
און אומעטום שטעקן זיין נאָז. ער האָט אויפֿגעעפֿנט זיין אָפֿיצערס
טשעמאָדאַן און האָט אָפּגעביסן אַ שטיקל שאָקאָלאַד פֿון אַ פּליט־
קע, אָבער באַלד האָט ער זיך דערשראָקן, ווען דער לייטענאַנט
האָט זיך אַ דריי געטאָן אין שלאָף, האָט די אָנגעביסענע פּליטקע
צוריק אַרייַנגעלייגט אין טשעמאָדאַן און איז געבליבן זיצן שטיל.

דערנאָך האָט ער שטילינקערהייט אַ קוק געטאָן וואָס האָט
דער לייטענאַנט אָנגעשריבן.

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און איז געווען גע־
ריִרט, באַזונדערס פֿון די ווערטער „לעצטער זײַ געזונט".

אַוועקגעלייגט זיך אויף זיין שטרויזאַק בײַם טיר, האָט ער
גענומען טראַכטן וועגן דערהיים און וועגן שעכט־מעסערן.

ער האָט ניט געקאָנט פּטור ווערן פֿון דער פֿאָרשטעלונג,
אַז ער שטעכט דורך אַ ברוינשווייגער ווורשט בכדי אַרויסצולאָזן
פֿון איר די לופֿט, זי זאָל ניט פּלאַצן בײַם קאָכן.

און דערמאָנט זיך, ווי אַזוי בײַ איינעם אַ שכן האָט געפּ־
לאַצט אַזאַ ווורשט און איז אין גאַנצן צעקאָכט געוואָרן, איז ער,
אַ צופֿרידענער מיט זיך, אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

אים האָט זיך געחלומט אַ חלום, אַז ער האָט געדונגען
זיך אַ געהילף אַ ווורשט־מאַכער אַ לא יוצלח, וואָס בײַ יענעם
פּלעגן אַלע מאָל בײַם אָנפֿילן די לעבער־ווורשט פּלאַצן די קיש־
קעס. און נאָך — אַז דער ווורשט־מאַכער האָט פֿאַרגעסן צו מאַכן
בלוט־ווורשט, אַז עס איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן די געפֿילעכץ און אַז
עס האָט ניט געקלעקט קיין קישקעס פֿאַר די לעבער־ווורשט.

ווייטער האָט זיך עפּעס געחלומט פון א קריגס־געריכט, אז מען האָט אים געכאַפּט גנבנדיק פלייש פון קעסל. און צום סוף האָט ער זיך געזען הייננענדיק אף איינעם פון די אלטע לינדן בוימער בײַ איינעם פון די שטעגלעך פון מיליטער־לאַגער אין ברוק אף דער לייטע...

* * *

מיטן פרימאָרגן, וואָס האָט זיך אריינגעריסן אין צימער צוזאַמען מיטן ריח פון פרישע קאַווע, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אלע פעלד־קיכן, האָט זיך שווייק אויפגעכאַפּט, מעכאַניש אויפ־געהאַנגען דאָס טרייבל, פּונקט ווי ער וואָלט אקאָרשט געהאַט געענדיקט א שמועס אין טעלעפאָן, און גענומען ארומשפּאַנען איבער דער קאַנצעלאַריע און זינגען אפן קול א ליד. פון די קולות האָט זיך אויפגעכאַפּט קאַפּטענאַרמוס וואַנעק און געפרעגט, וויפיל איז דער זייגער.

— מען האָט אקאָרשט אפּגעבלאָזן צום אויפשטיין.

— אויב אזוי, שטיי איך אויף ערשט נאָך קאַווע, — האָט באַשלאָסן וואַנעק, וואָס האָט קיין מאָל ניט ליב געהאַט צו יאָגן זיך. — סיי ווי סיי וועט מען אונדז היינט פאַרמאַטערן מיט דער אייליגניש און ארומיאָגן אונדז אומזיסט אין אלע זייטן, ווי נעכטן מיט די קאָנסערוון.

וואַנעק האָט א געגעץ געטאָן און געפרעגט, צי האָט ער נאָך אסך געגאַוועדט נעכטן, אז ער איז געקומען אהיים.

— יאָ, א קאַפּעלע, גאָר א קאַפּעלע, האָט איר עפּעס גערעדט וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. נאָר באַלד האָט אייך צענומען אין גאַנצן, און איר האָט זיך צעבראָפּעט, ווי א זעג איבער א קלאָץ.

עס האָט א קלונג געטאָן דער טעלעפאָן. דער קאַפּטענאַר־מוס איז צוגעגאַנגען, און מען האָט געקאָנט הערן די שטים פון לייטענאַנט לוקאַש, וואָס האָט געפרעגט, ווי האַלט דאָס מיט די קאָנסערוון. דערנאָך זיינען געקומען טענות.

— ערן־וואָרט, ניטאָ קיין קאָנסערוון, הער לייטענאַנט! — האָט וואַנעק אריינגעשריען אין טעלעפאָן. — פון וואַנען זאָלן זיי

דאָס זיין? דאָס איז דאָך די הוילע פאַנטאַזיע פון דער אינטענ־דאַנטור. און אומזיסט האָט מען געשיקט מענטשן... איך האָב געוואלט אייך טעלעפאָנירן... אז איך בין בלומרשט געזעסן אין בופעט? ווער זשע האָט דאס געקאָנט זאָגן? יאָ, איך האָב זיך אָפּ א ווײַלע דערלויבט אריינצוגיין... באין אופן, הער לייטענאַנט, איך בין פולקום ניכטער... וואָס שווייק טוט? ער איז דאָ. רופן אים?

— שווייק, צום טעלעפאָן, — האָט זיך געווענדעט צו אים דער קאַפּטענאַרמוס און שטילערהייט מוסיף געווען: — ווען ער וועט בײַ אייך פרעגן, ווי בין איך געקומען אהיים, זאָלט איר זאָגן, אין בעסטער אָרדענונג.

שווייק איז צו צום טעלעפאָן.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, דאָ שווייק.

— הערט זיך איין, שווייק! וואָס איז דאָס פאַר א געשיכטע מיט די קאָנסערוון. איז דאָס ריכטיק?

— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאַנט, ניטאָ קיין קאָנסערוון, אפילו קיין סימן ניט צו זען.

— מיר וואָלט זיך געוואָלט, שווייק, אז אלע מאָל אינדער־פרי זאָלט איר קומען צו מיר, כל זמן מיר זיינען נאָך דאָ אין לאַגער. און אז מיר וועלן זיין אין וועג, וועט איר זיך שטענדיק געפינען נעבן מיר. וואָס'ט איר געטאָן בײַנאַכט?

— איך בין די גאַנצע נאַכט דורך געזעסן בײַם טעלע־פאָן.

— איז געווען עפּעס נײַעס?

— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאַנט.

— שווייק הויבט ניט אָן ווידער צו מאַכן אָנשטעלן! איז אָנגעקומען פון ערגעץ א וואסער עס איז וויכטיק מעלדונג?

— גאַנץ ריכטיק, הער לייטענאַנט, אבער נאָר צו ניין אזייגער.

— וואָס איז?

— איך האָב ניט געוואָלט אייך באאומרואיקן, הער לייטע־נאַנט, בשום אופן ניט געוואָלט.

— כאַפּט אייך דער טייוול, זאָגט זשע מיר סוף כל סוף, וואָס פאַר אַ וויכטיקע זאַך דאַרף דאָס זיין ניין אַזייגער?

— אַ טעלעפאָנאָגראַמע, — האָט לייטענאַנט.

— איך פאַרשטיי אייך ניט, שוויק.

— איך האָב זי פאַרשריבן, — האָט לייטענאַנט. אָט איז זי: „נעמט צו אַ טעלעפאָנאָגראַמע. ווער איז ביים טעלעפאָן? פאַרשריבן? אנו, לייענט מיר איבער", אָדער כדומה נאָך אַזאַ מעשה.

— אָך מיין וואָרט, שוויק, מען ווערט דאָך פון אייך אויסגעריסן! איר'ט מיר זאָגן, וואָס עס שטייט אין דער טעלעפאָנאָגראַמע אָדער איך וועל זיך אַ לאָז טאָן צו אייך און צעפּאַטשן אייך די פּיסקעס! נו, וואָס איז די מעשה?

— ווידער אַמאָל עפּעס אַ באַראַטונג, — האָט לייטענאַנט, היינט ניין אַזייגער ביים הער פּאָלקאָווניק. איך האָב צוערשט געקלערט אייך אויפצוּוועקן ביינאַכט, דערנאָך האָב איך איבערגעקלערט.

— מער וואָלט ניט געפעלט — וועקן מיך איבער יעדער שטרונד, בעת עס איז פאַראַן גענוג צייט אינדערפרי. היסט דאָס ווידער אַ באַראַטונג, צו אַל די שוואַרצע יאָר! היינט נאָך ניט אויף דאָס טרייבל און רופט צום טעלעפאָן וואַנעקן.

— קאַפּטענאַרמוס וואַנעק ביים טעלעפאָן, — האָט לייטענאַנט.

— וואַנעק, תיכף זאָלט איר מיר געפינען אַן אַנדער באַדינער. דער דאָזיקער מנוול באַלון האָט ביי מיר אויפגעפרעסן ביינאַכט גאָר מיין שאָקאָלאַד. אים צובינדן? ניין, מיר'ן אים אַריבערפירן צו די סאַניטאַרן. גרויס איז ער ווי אַ באַרג — זאָל ער שלעפּן פאַרוווּנדעטע אונטער די קוילן. איך שיק אים באַלד צו צו אייך. מאַכט דאָס צורעכט אין דער קאַנצעלאַריע פון פּאָלק, און דערנאָך קומט אומגעזאַמט צוריק צו דער ראָטע. ווי מיינט איר: מיר'ן אין גיכן פאָרן?

— וואָס האָבן מיר זיך צו איילן, — האָט לייטענאַנט? אַז עס איז געגאַנגען די 9-טע מאַרש-ראָטע, האָט מען אונדז פיר מעת-

לעת ארומגעפירט פאַר דער נאז. מיט דער 8־טער איז געווען גענוי די זעלביקע געשיכטע. נאר מיט דער 9־טער איז געווען אזוי ווי א ביסעלע בעסער. דעמאלט האבן מיר מיטאק־צייט געקראגן דעם באַפעל, און אין אוונט זיינען מיר געפאָרן, נאר דערפאַר האט מען אונדז ארומגעטריבן איבער גאנץ אונגאַרן, ניט צו וויסן, וואסער לאַך אַף וואסער פראנט מען זאל מיט אונדז פאַרשטאפן.

— מילא, — האט געענטפערט לייטענאנט לוקאַש, — אפשר איז דאס טאַקע אזוי. איר מיינט, הייסט דאס, אז מיר פאָרן ניט היינט. ניין אזייגער איז באַשטימט א באַראַטונג ביים פּולקאווניק... אגב, איר ווייסט מסתמא, אז אַף אייך ליגט דער חוב צו פירן די רשימות פון די נעמען פון אונדזערע מענטשן... איך זאג דאס נאר אזוי זיך, אגב אורחא... בכן, לאמיר איינשטעלן... וואַרט זשע, וואס זשע וואלטן מיר געקאנט איינשטעלן... אך יא, גיט מיר א רשימה פון אלע פּערזאנען פון דעם קאמאַנדע־באַשטאַנד, מיטן אנוויז, זינט ווען איטלעכער דינט. דערנאך דער פראוויאַנט־באַריכט פון דער ראטע... ווי זאל זיין מיט דער נאציאנאליטעט? יאָ, יאָ, דאס דארפט איר אויך פאַרצייכענען... נאר דער עיקר איז שיקן מיר א נייעם דינער... וואס זאל היינט טאן פּענדריך פּלעשנער? צוגרייטן די מענטשן צום פאָרן... וואס? חשבונות? איך וועל קומען אונטערשרייבן דעם ווירטשאַפט־באַריכט... אין שטאט קיינעם ניט אפּלאזן! אין בופעט אין לאַגער? נאך ווארימעס, אף איין שעה!.. רופט שוועיקן... שוועיק, איר בלייבט אויפפּאַסן ביים טעלעפאן.

— ערלויבט צו מעלדן, הער לייטענאַנט, איך האב נאך ניט געטרונקען קיין קאַווע.

— אזוי אזוי, ברענגט זיך קאַווע און בלייבט אין קאַנצעלאַריע, ביז איך וועל אייך רופן. איר ווייסט, וואס דאס איז אזוינס אן אָרדאָנאַנס?

— דאס איז אזעלכער, וואס לויפט ארום שטראמעלעוואיע מיט שליחותן, הער לייטענאַנט.

— הייסט דאס, איר זאלט זיין אף אן ארט, ווען איך וועל אייך רופן. זאגט וואנעקן נאך אמאל, ער זאל ניט פאַרגעסן מיר

צוצושיקן אן אנדער דינער... האלאָ, שווייק, האלאָ, איר הערט? ווי זייט איר דאס פארפאלן געווארן?

— באין אופן, הער לייטענאנט, ניט פארפאלן, מען האט מיר נאר אקארשט געבראכט קאווע.

— שווייק, האלאָ, האלאָ־אָ?

— איך הער, הער לייטענאנט, אבער די קאווע ווערט קאלט.

— איר ווייסט דאך גוט, שווייק, ווי עס באדארף זיין א דינער. איר זאלט אים גוט ארומקוקן, און דערנאך מיר זאגן, וואס דאס איז פאר א מענטש. נו, און איצט הייגגט אויף דאס טרייבל.

וואגעק, וואס האט געזופט שווארצע קאווע, וואס צוליב געהיטקייט וועגן האט ער אהין געהאט צוגעגאסן קאניאק פון א פלעשל מיט אן עטיקעט „טינט“, האט א קוק געטאן אף שווייקן און געזאגט:

— ער שרייט גאנץ נישקשה, אונדזער לייטענאנט, אין טע־לעפאן. איך האב געהערט איטלעכס ווארט... איר זייט, קענטיק, זייער גוט באקאנט מיטן הער לייטענאנט, שווייק.

— מיר זיינען ווי צוויי הענט, — האט געענטפערט שווייק, — און איין האנט, ווי באוווסט, וואשט די צווייטע. אמת איז, אז מיר האבן שוין ביידע אסך דורכגעמאכט אינאיינעם. וויפיל מאל האט מען אונדז געוואלט צעשיידן, נאר מיר האבן ווידער געפונען איינער דעם אנדערן. ער פלעגט זיך אלע מאל פארלאזן אף מיר אין אלצדינג. אזוי אז דאס איז מיר אליין אמאל געווען א חידוש. אט איצט האט איר דאך אויך מסתמא געהערט, אז איך זאל אייך דערמאנען נאך אמאל, אז אייך איז באפוילן צו געפינען א נייעם דינער און אז אין מוז אים ארומקוקן און זאגן מיין מיינונג. די מעשה דערפון איז, וואס דעם הער לייטענאנט איז ניט אזוי גרינג צופרידן צו שטעלן.

* * *

אז דער פולקאָווניק האָט צום צווייטן מאָל צונויפ־גערופן אלע אפיצערן אף א באראטונג, האָט ער דאָס ווידער

געטאָן מיט גרויס פֿאַרגעניגן, בכדי ער זאָל האָבן די מעגלעכקייט זיך אַרויסצוזאָגן. חוץ דעם, האָט מען באַדאַרפֿט אַרויסטראָגן אַ וואַסער עס איז באַשלום מכּח דעם פֿרייוויליקן מאַרעק, וואָס האָט פֿאָרט ניט געוואָלט רייניקן די אָפּטרעטן און וואָס דער פּאָלקאָווניק האָט אים דערפֿאַר איבערגעגעבן דעם דיוויזיע־געריכט.

פֿון דיוויזיע־געריכט האָט מען אים גראָד נעכטן פֿאַרנאַכט איבערגעשיקט אויף דער הויפּט־וואַך: צוגלייך איז אין קאַנצעלאַריע פֿון פּאָלק אָנגעקומען אַ פּאַפּיר פֿון דיוויזיע־געריכט, וואָס מען האָט אין דעם בשום אופֿן ניט געקאָנט דערגיין קיין עק. אין פּאַפּיר איז געשטאַנען אַזוי: קיין פֿאַרברעך פֿון אַ בונט איז אין געגעבענעם פֿאַל ניטאָ, ווייל פֿרייוויליקע זיינען ניט מחויב צו רייניקן דעם אָפּטרעט, אָבער פֿונדעסטוועגן זיינען פֿאַראַן אַלע סימנים פֿון עובר זיין אויף אַ באַפֿעל פֿון עלטסטן, די דאָזיקע טועכץ קאָן מען אים מוחל זיין, אויב ער וועט זיך העלדיש אויפֿפֿירן אויפֿן פֿראָנט. מחמת די דאָזיקע סבֿרות ווערט דער פֿרייוויליקער מאַרעק אומגעקערט צוריק אין 91־טן פּאָלק. דער אויספֿאָרש וועגן דער באַשולדיקונג אין עובר זיין אויף דער מיליטערישער דיסציפּלין ווערט אָפּגעלייגט ביזן סוף פֿון דער מלחמה און קאָן ווערן אָפּגעפֿרישט ערשט דעמאָלט, אויב פֿרייוויליקער מאַרעק וועט אָפּטאָן עפּעס אַ נייעם פֿאַרברעך אָדער אַ מיאוסע מעשׂה.

איבעריגנס, איז געווען נאָך אַן ענין. גלייכצייטיק מיטן פֿרייוויליקן מאַרעק האָט מען געבראַכט צופֿירן אויף דער הויפּט־וואַך נאָך איינעם אַ געוויסן טעוועלעס, וואָס האָט זיך אַרויסגעגעבן פֿאַר אַן אונטער־אָפֿיצער. אין פּאָלק האָט ער זיך באַוויזן ניט לאַנג — מען האָט אים צוגעשיקט פֿון אַ לאַזאַרעט אין אַגראַם. ער האָט געהאַט אַ גרויסע זילבערנע מעדאַליע, בענדלעך פֿון אַ פֿרייוויליקן און דריי שטערנדלעך. ער האָט דערציילט וועגן די גרויסע גבֿורות פֿון דער 6־טער מאַרש־ראָטע אין סערביען, וואָס פֿון איר איז, לויט זיינע רייד, געבליבן לעבן נאָר ער איינער אַליין. האָט מען געמאַכט אַן אויספֿאָרש און מען איז געוואָר געוואָרן, אַז אין אָנהויב קריג איז אין דער אמתן מיט דער 6־טער מאַרש־ראָטע אַוועק איינער אַ טעוועלעס, וואָס האָט אָבער קיין רעכט פֿון אַ

פּריוווּליקן ניט געהאַט. האָט מען אַנגעפרעגט בײַ דער בריגאַדע, וואָס צו איר באַשטאַנד האָט געהערט די 6=טע מאַרש=ראָטע בעת דעם געאײַלטן אָפּמאַרש פון בעלגראַד דעם 2 דעצעמבער 1914, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די וואָס האָבן געקראָגן אָדער באַדאַרפט קריגן אַ גרויסע זילבערנע מעדאַליע איז אַזאַ טעוועלעס ניט געווען פאַרצײַכנט. די פראַגע, צי איז דער סאָלדאַט טעוועלעס געהערט געוואָרן צו אַן אונטער=אָפיצער בעת דער בעלגראַדער קאַמפּאַניע, איז בשום אופן ניט מעגלעך געווען אויפצוקלערן, וואָרום די סערבן האָבן אויסגעהרגט די גאַנצע 6=טע ראָטע מיטן קאָמאַנדע=באַשטאַנד ביז איין מאַן. אין דיוויזיע=געריכט האָט טעוועלעס זיך פאַרענטפערט, אַז אַ גרויסע זילבערנע מעדאַליע האָט מען אים צוגעזאָגט, און דערפאַר האָט ער זיך אַזעלכע זאַכן געקויפט אין לאַזאַרעט בײַ איינעם אַ באָסניאַק. וואָס איז שייך די בענדלעך פון אַ פּרײַוווּליקן, האָט ער זיי צוגענייט זיך שכורערהייט, און טראָגט זיי ווײַטער, ווײַל ער איז שטענדיק שכור. וואָרום זײַן אָרגאַניזם איז אָפּגעשוואַכט פון דיזענטעריע.

בײַם עפענען די באַראַטונג האָט פּאָלקאָווניק שרעדער, אײדער ער איז צוגעטראָטן פאַרצוטראָגן אָט די צוויי ענינים, אָנגעוויזן, חי נייטיק עס איז זיך צונויפקלײַבן אָפטער פאַרן אָפּפאָר, וואָס שטייט שוין הינטער דער טיר. פון שטאַב פון דער בריגאַדע האָט מען אים געגעבן צו וויסן, אַז פון מינוט צו מינוט ריכט מען זיך אויף דעם געהעריגן באַפעל פון שטאַב פון דיוויזיע. דערפאַר דאַרפן די סאָלדאַטן זײַן צוגעגרייט, און די ראָטע=קאָמאַנדירן מוזן שטרײַנג אויפפּאַסן, אַז קיינער זאָל ניט פעלן. דערנאָך האָט דער פּאָלקאָווניק בקיצור איבערגעחזרט וואָס ער האָט געזאָגט נעכטן, ווידער געגעבן אַן איבערבליק פון די קריגס=געשעענישן און האָט אויסגעדריקט זײַן פעסטע איבערצײַגונג אַז קיין זאַך איז ניט בכח צו מינערן די קריגערישע התלהבות און די שטענדיקע קריגס=גרייטשאַפט פון דער העלדישער עסטרײַכישער אַרמיי.

אויפן טיש פאַר אים איז געלעגן די קאַרטע פון די קריגס=אָפּעראַציעס מיט פענדלעך צוגעשטאָכן מיט שפּילקעס, נאָר די פענדלעך זײַנען געווען צעמישט און די פראָנטן איבערגערוקט.

ארויסגעריסענע שפּילקעס מיט פּענדלעך האָבן זיך געוואַלגערט אַפילו אונטערן טיש.

דער גאַנצער טעאַטער פון די קריגס־אָפּעראַציעס האָט אין יענער נאַכט געהאַט אויסגעזען ווי דעם אמתן חורבן. דער קאַטער, וואָס עס האָבן געהאַלטן אין דער קאַנצעלאַריע פון פּולק די הערן מיליטער־שרייבערס, האָט אָפּגעטאָן אויף דער דאַזיקער קאַרטע, וואָס אַ קאַטער באַדאַרף אָפּטאָן, און אַזוי ווי ער האָט געוואָלט פאַרגראָבן די סימנים, האָט ער ארויסגעריסן די פּענדלעך און צעשמירט מיט די צואה איבער אַלע פּאָזיציעס. פאַרשפּריצט אַלע פראָנטן און בריקן־קעפּ און פאַרפּאַסקודיעט אַלע אַרמיי־קאָרפּוסן.

פּולקאָווניק שרעדער איז געווען קורצזיכטיק ביז לעצט.

די אָפּיצערן פון מאַרש־באַטאַליאָן האָבן מיט אינטערעס צוגעקוקט, ווי דעם פּולקאָווניקס פינגער רוקן זיך נענטער צו די דאַזיקע הייפעלעך.

— פון דאַנען, מיינע הערן, קיין סאָקאַל אויפן בוג! — האָט דער פּולקאָווניק אויסגערופן מעשה נביא און האָט אויף אויסווייניק דורכגעפירט מיטן פינגער אַ ליניע צו די קאַרפּאַטן און אַריינגעשטעקט אים אין איינעם פון די הייפעלעך, וואָס דער קאַטער האָט איבערגעלאָזן, בכדי די קאַרטע פון די קריגס־אָפּעראַציעס זאָל אויסקומען רעליעף.

— דאָס איז, הער פּולקאָווניק, דוכט זיך, קעציש...,

— האָט זייער העפלעך געזאָגט פאַר אַלעמען קאַפּיטאַן זאַגנער.

פּולקאָווניק שרעדער איז ווי אַ קויל ארויסגעפלויגן אין שכנישן צימער, און פון דאָרט האָבן זיך געלאָזט הערן קולות מיט די שרעקלעכסטע זידלערייען און קללות, ער האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט די שרייבערס צווינגען אויסלעקן מיט די צינג די דאַזיקע מיאוסקייט.

דער פאַרהער האָט געדויערט ניט לאַנג. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דעם קאַטער האָט אַריינגעפירט אין קאַנצעלאַריע מיט אַ וואָכן צוריק דער שרייבער צווייבלפיש. ווי נאָר אָט דער פאַקט איז קאָנסטאַטירט געוואָרן, האָט דער שרייבער

צווייבלפיש צונויפגעקליבן זיינע בעבעכעס און דער עלטסטער שרייַ־בער האט אים אפגעפירט אף דער הויפטוואַך, ווו ער האט באַדאַרפט וואַרטן אף די וויַטערדיקע באַפעלן פון הער פּול־קאַוניק.

מיטן דאזיקן אינצידענט האט די באַראַטונג בעצם זיך געענדיקט. אז דער פּולקאַוניק איז מיט א פּנים, אנגעצונדן פון כּעס, געקומען צוריק צו די אפיצערן, האט ער פאַרגעסן אין גאַנצן, אז ער האט נאָך געהאַט בדעה צו שמועסן מכּח דעם וואס צו טאן מיטן פרייווויליקן מאַרעק און מיטן פאַלשן אונטער־אפיצער טעוולעס, און ער האָט נאר געזאגט בקיצור:

— איך בעט די הערן אפיצערן צו זיין גרייט און צו וואַרטן אף וויַטערדיקע באַפעלן און אינסטרוקציעס.

אזוי ארום זיינען דער פרייווויליקער און טעלעוועס נאָך געבליבן אף דער הויפטוואַך, און אז מען האט נאָך צו זיי אריינ־געזעצט צווייבלפישן, האבן זיי זאַלבעדריט געקאנט שפּילן א פּרעפעראַנס, און אז זיי האבן געענדיקט דעם קאָן, האבן זיי גע־קאנט ארויסציען די עצמות ביי זייער אויפזעער מיט דער פאָ־דערונג, ער זאל ארויסטרייבן אלע פליי פון זייער שטרוי־זאַק.

דערנאָך האָט מען צו זיי נאָך אריינגעזעצט דעם יעפרייטער פּערוטעק פון דער 13־טער מאַרש־ראָטע, וואָס איז נעלם געוואָרן מיט א טאָג פריער, בעת עס האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג, אז מען פאָרט אפּן פראָנט. א פּאַטרול האָט אים פאַרהאַלטן אין דער „ווייסער רויז" אין ברוק. ער האָט דערציילט א מעשה, אז ער האט געוואָלט פאָרן אפּפאָרן באַקוקן דעם באַרימטן קרישטאָל־שלאָס פון גראַף האַראַך ביי ברוק, צוריקוועגס האָט ער פאַר־בלאָנדזשעט און ערשט פאַרטאָג איז ער אנגעקומען אין דער „ווייסער רויז". נאָר דאָס איז געווען א ליגן. ער האָט אין דער „ווייסער רויז" פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט...

* * *

די לאַגע איז נאָך ניט געווען קלאָר. פאָרט מען צי מען פאָרט ניט? שווייק האט אין דער קאַנצעלאַריע פון דער עלפטער מאַרש־ראָטע זיך אנגעהערט די פאַרשיידנסטע מיינונגען וועגן דער

פראַגע, סיי פּעסימיסטישע און סיי אָפּטימיסטישע. פון דער 12־טער מאַרש־ראַטע האָט מען געקלונגען, אַז עמיצער האָט געהערט אין דער קאַנצעלאַריע פון פּולק, אַז מען דאַרף ערשט לערנען שיסן אַף באַוועגלעכע צילן און אַז מען וועט פאָרן ערשט נאָכן פעלד־שיסן. נאָר די 13־טע מאַרש־ראַטע האָט אַנדערש געהאַלטן; זי האָט מיטגעטיילט, אַז אַקוראַט איז געקומען פון שטאָט קאַפּראַל האַוו־ליק, וואָס האָט געהערט פון איינעם אַן אייזנבאַנער, אַז די וואַגאָנען שטייען שוין גרייט אַף דער סטאַנציע.

וואַנעק האָט אַרויסגעריסן דאָס טרייבל בײַ שווייקן פון האַנט און האָט אַ בעסדיקער גענומען שרייען, אַז די אייזנבאַנער ווייסן ניט, ווער עס האָט זיי געשליערט, און אַז ער אַליין איז אַקאָרשט געווען אין קאַנצעלאַריע פון פּולק.

שווייק איז אויסגעזעסן בײַם טעלעפאָן מיטן געדולד פון אַ מלאך און אַף די פראַגעס: „וואָס הערט זיך עפּעס נײַס?" — האָט ער געענטפערט, אַז קיין שום באַשטימטע זאַך איז נאָך ניט באַוווּסט.

דעם זעלביקן ענטפער האָט ער געגעבן אויך אַף דער פראַגע פון לייטענאַנט לוקאַש:

— נו, וואָס הערט זיך בײַ אונדז נײַס?

— קיין שום באַשטימטע זאַך איז נאָך ניט באַוווּסט, הער־לייטענאַנט.

— גולם! אויפהייגען דאָס טרייבל!

דערנאָך זײַנען אָנגעקומען טעלעפאָנאָגראַמעס, וואָס שווייק האָט זיי צוגענומען, הגם ניט גאָר גלאַטיק. אין דער ערשטער שורה איז געווען די טעלעפאָנאָגראַמע, וואָס האָט ניט געקאָנט אים מיטגעטיילט ווערן בײַנאַכט, ווײַל דאָס טרייבל איז געווען אַראָפּגענומען, און וואָס איז געווען נוגע די וואָס דאַרפן קומען זיך לאָזן מאַכן די אײַנשפּריצונג קעגן טיפוס.

דערנאָך איז געקומען אַ פאַרשפּעטיקטע טעלעפאָנאָגראַמע מכח די קאָנסערוון, וואָס האָט אויפגעקלערט דעם נעכטיקן פּלאָנ־טער.

צולעצט איז אנגעקומען א צירקולאר=טעלעפאָנאָגראַמע, אדרעסירט צו אלע באַטאַליאָנעס, ראָטעס און מיליטער=טיילן.

„קאפּיע פון דער טעלעפאָנאָגראַמע פון בריגאַדע נומער 75692 סמך: באַפעל דער בריגאַדע נומער 172. ביים צונויפשטעלן די חשבון=באַריכטן פונם פאַרבּרויך פון פּראָוויאַנט און פאַרשיידענע עסנווארג אין פעלד=קיכן, באַדאַרף מען אפהיטן ביים אויפציילן די פאַרניצטע פּראָדוקטן אזא סדר: 1. פלייש. 2. קאָנסערוון. 3. פרישע גרינסן. 4. געטריקנטע גרינסן. 5. רייז 6. מאַקאַראָנעס. 7. גרויפּן. 8. קארטאפל — אנשטאט דעם סדר פון די נעמען, וואס האט עקסעסטירט ביז איצט".

אז שווייק האט איבערגעלייענט דאס דעם קאַפּטענאַרמוס, האט וואַנעק פייערליך געמאלדן, אז אזעלכע טעלעפאָנאָגראַמעס וואַרפט מען פשוט אין אפטרעט ארויס.

— פארפאסט האט זי עפעס אן אידיאט אין שטאַב פון דער ארמיי, און שוין איילן זיי זיך פאנאנדערצושיקן זי איבער אלע דיוויזיעס, בריגאַדעס און פולקן.

דערנאך האט שווייק צוגענומען נאך א טעלעפאנאגראמע, וואס מען האט אים פארדיקטירט אזוי גיך, אז ער האט באַוויזן צו פאַרשרייבן גאר איין ווארט פון צען, אזוי אז עס איז ארויסגעקומען עפעס ווי אן אפּגערעדטער לשון: „מחמת געגויער דערלויבט אדער וואס אליין פאַרקערט בכל אופן פאַרגיטיקטי".

— דאס איז אלץ איבעריק, לחלוטין איבעריק, — האט באַמערקט וואַנעק, אז שווייק האט איבערגעלייענט די טעלעפאָנאָגראַמע דריי מאל אפן קול און האט דערקלערט, אז ער פאַרשטייט דא גארנישט. שטותעריי, און גאר. און אפשר, שדים ווייסן זיי, א קשיה אף א מעשה: זי קאן נאך זיין שיפרירט אויך, נאר, ביי אונדז אין ראטע איז מען דערצו ניט צוגעגרייט. מען מעג זי ארויסוואַרפן.

— איך מיין אויך אזוי, — האט שווייק מסכים געווען. — אויב איך וועל מעלדן דעם הער לייטענאַנט, אז מחמת געגויער ערלויבט אדער וואס אליין פארקערט בכל אופן פאַרגיטיקט, קאָן ער נאך פאריבל האבן.

— פֿאַראַן אזעלכע פֿאַריבל־האָבערסן, וואס ממש א גרויל, — האט שוויַק וויַטער גערעדט, זיך פֿאַרטיפֿנדיק אין זיַנע זכרונות. — איין מאל געדענק איך, בין איך געפֿארן אין טראַמוויי פֿון וויסאָטשאַן קיין פּראג און אין ליבען איז צו אונדז אריין איינער א הער נאָוואָטני. באלד ווי איך האב אים דערקענט, בין איך ארויס צו אים אפֿן פֿאָדערשטן פּלאַץ, און האב מיט אים פֿאַרפֿירט א שמועס. וויַל מיר זיַנען ביידע פֿון דראָזאָוואַ. נאר ער איז מיר אנגעפֿארן מיטן ירגזון, איך זאל אים לאזן צו רו, אז ער קען מיך גארניט. דעמאלט האב איך אים גענומען דערקלערן, ער זאל זיך דערמאנען, ווי איך פֿלעג קומען צו אים קינדוויַז מיט דער מוטער, וואס מען האט זי גערופֿן אנטאָנינאַ, און מיַן פֿאטער האט געהייסן פּראָקאָפּ און געווען איז ער אן ארענדאר. נאר ער האט אלץ ניט געוואלט מודה זיַן, אז מיר זיַנען באקאנט. האב איך אים געבראכט נאך מער ראיות, אז אין דראָזאָוואַ זיַנען געווען צוויי נאָוואָטנעס: טאָנדאַ און יאָזעף. וועגן אים, וועגן דאזיקן הער, וואס ער איז דאס יאָזעף, האט מען מיר געשריבן, אז ער האט דערשאָסן זיַן פֿרוי, וויַל זי פֿלעגט אים תמיד זידלען פֿאר זיַן שכורן. דעמאלט האט דאס מיַנער געגעבן א הויב אויף די האנט, נאר איך האב באוויזן זיך ארויסצודרייען, און ער — טררראַך! אין גרויסן גלאָז, וואס פֿארן וואגאן־פֿירער. בקיצור, מען האט אונדז ביידן במחילה אראָפּגעזעצט און פֿארבעטן אין צירקל אריַן, און דארט האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער דאזיקער הער איז דערפֿאר געווען אזא ברוגזער, וויַל מען האט אים גערופֿן ניט יאָזעף נאָוואָטני, נאר עדוארד דובכאָוואַ פֿון דער שטאט מאָנגאָמערי אין אמעריקע און אז ער איז געקומען אהער נאר צו גאסט צו זיַנע קרובים.

א קלונג פֿון טעלעפֿאָן האט איבערגעריסן זיַן דערציילונג, און א הייזעריקער קול פֿון דער קוילנוואַרפֿער־קאָמאנדע האט ווידער געפֿרעגט, צי מען פֿארט היינט. משמעות, אז צוליב דעם האט אינדערפֿרי באדארפֿט פֿארקומען ביַים פּאָלקאָווניק נאך א בארא־טונג.

אין דער טיר האט זיך באוויזן דער בלאסער אונטער=

פענדריק ביגלער, דער ערשטער חאליפותניק אין דער גאנצער ראטע, ווארום נאך אין דער לערן=קאמאנדע האט ער זיך גע=פלייסט אויסצופייגען זיך מיט זיין קענטשאפט. ער האט א ווונק געטאן וואנעקן, ער זאל מיט אים ארויס אין קארידאר, און האט דארט מיט אים פארפירט א לאנגען שמועס.

אז וואנעק איז געקומען צוריק, האט ער געשמייכלט מיט ביטול.

— אט א פערד! — האט ער געזאגט צו שווייקן. — האבן מיר דאס ביי אונדז אין מארש=ראטע פארשווינען! לאזט זיך אויס, אז ער איז אויך געוועז אף דער בעראטונג, און אז אלע זיינען אוועק, האט דער הער לייטענאנט באפוילן, אז די אונטער=אפי=צערן זאלן איבערקוקן די ביקסן, דערביי האבן זיי געדארפט שטעלן זייער שטרייננגע פאדערונגען. איז ער איצט געקומען ביי מיר פרעגן, צי זאל ער צובינדן סלאבעקן דערפאר, וואס ער האט אויסגעפוצט זיין ביקס מיט קעראסינע!

וואנעק איז געוועזן אויפגערעקט.

— און אזא שטותריי פרעגט ער ביי מיר, בעת ער ווייס אליין, אז מיר פארן ארויס אפן פראנט. כלעבן דער הער לייטע=נאנט האט אויך נעכטן בייצייטנס זיך מיישב געוועזן און אפגעבונדן זיין דינער. האב איך אים טאקע אן עצה געגעבן, אט דעם חכם בלילה, ער זאל גוט א טראכט טאן, איידער ער ברייננגט אריין אין כעס זיינע מענטשן.

— אגב, אז עס איז געקומען צו רייד מכח א דינער, — האט באמערקט שווייק. — ווייסט איר ניט, צי האט מען געפונען א נייעם פארן הער לייטענאנט?

לייגט נאר צו א קאפעלע קאפ, — האט געענטפערט וואנעק.

— אף אלץ איז פאראן א צייט. אגב, מיין איך, אז דער הער לייטענאנט וועט זיך צוגעוווינען צו באלונען. אמאל טאקע וועט ער עפעס אויפפרעסן, אבער שפעטער, אז מירן זיין אפן פראנט, וועט ער אוועקווארפן די דאזיקע שלעכטע מדה. דארט וועלן זיי שוין ביידע אפטלעך ניט האבן וואס צו קייען. אויב איך האב געזאגט, אז באלון בלייבט ביי אים, וועט דאס זיין אזוי. דאס איז מיין

עסק, און דער הער לייטענאנט האט זיך ניט וואס אריינצומישן, צו היילן זיך איז ניטא וואס.

וואנעק האט זיך ווידער אויסגעצויגן אפן געלעגער און האט געזאגט:

— שווייק, דערציילט מיר עפעס אן אנעקדאט פון סאלדאטן־לעבן.

— מיט פארגעניגן, — האט יענער געענטפערט, — אבער איך האב מורא, אז עמיצער וועט ווידער קלינגען.

— אויב אזוי, שווייק, שליסט אויס דעם טעלעפאן, שניידט איבער די דראטן אדער נעמט אראפ דאס טרייבל.

— רעכט, — האט געזאגט שווייק און האט אראפגענומען דאס טרייבל: — איך וועל אייך דערציילן א מעשה, וואס פאסט צום איצטיקן מאמענט, מער ניט וואס אין יענער צייט זיינען געווען אנשטאט אן אמתר מלחמה מאנעווערס. אגב איז דעמאלט געווען פונקט אזא תוהו ובוהו, ווי איצט ביי אונז, ווארום מען האט דעמאלט אויך ניט געוווסט, ווען מען טרעט ארויס פון קאזארמע. מיט מיר אין איינעם האט געדינט איינער א געוויסער שיק פון פארשיץ, א ווויל מענטש, נאר א גאטספארכטיקער און א דערשראָ־קענער. ער האט זיך אויסגעמעלט, אז די מאנעווערס זיינען עפעס א מוראדיקע זאך, אז אף מאנעווערס פאלן מענטשן פון מידקייט און פון דארשט, און די סאניטארן קלייבן זיי אויף, ווי עפל נאך א שטורעם־ווינט. דעריבער האט ער זיך אנגעשכורט אף אן אדע־ראף, און אז מיר זיינען ארויסגעטראטן פון קאזארמע אף מאנעווו־רעם און זיינען אנגעקומען אין מנישקא, האט ער געזאָגט: „אָ! ברידערלעך, איך וועל ניט אויסהאלטן. איין גאט קאן מיך ראטעווען!‟ דערנאך זיינען מיר געקומען קיין הארשאוויץ, און דארט זיינען מיר געשטאנען גאנצע צוויי מעת־לעת, ווארום עס איז ארויס עפעס א טעות, און מיר האבן אזוי האסטיק זיך ארויסגע־רוקט פארויס, אז צוזאמען מיט די פולקן, וואס זיינען געווען ביי אונדז אין די פלאנקען, וואלטן מיר געקאנט נעמען געפאנגען גאר דעם שונאס שטאב, און דאס וואלט געווען א גרויסער סקאנדאל, ווארום, אדרבא, יענע פארטיע האט באדארפט צעקלאפן אונדזער

קאָרפּוס און געווינען די שפּיל, ווארום אף איר זייט האט זיך געפונען עפּעס א פאַרדריפּעטער ערצהערצאָגל! און דאָ האָט אט דער שיק אפּגעשפּילט אַזאַ שפּיצל. ווי נאר מיר האבן אויפגעשלאגן דעם לאַגער, האט ער גענומען און איז אוועק אין דארף אריין הינטער הארשאָוויץ עפּעס קויפן, און צו מיטאק איז ער געקומען צוריק אין לאַגער. א היץ איז געווען ניט צו דערטראָגן, און אויסגעטרונקען האט ער אויך געהאַט נישקשהדיק. זעט ער אין מיטן וועג שטייט א סלופּ, און צום סלופּ איז צוגעמאַכט א קעסטעלע, און אין קעסטעלע געפינט זיך א פּיצינקע פיגור פון הייליקן יאַן נעפּאָמוק. האָט ער אנגעהויבן מתפלל זיין צום הייליקן יאַן און זאגט צו אים: מסתמא איז דיר, ברודער-לעב, אויך הייס! וואָלסטו כאָטש געהאַט וואס א טרונק צו טאָן, זיסט שטייסטו אין סאמע זון און שוויצסט ווי א פאַרשאָלטענער!" א טרייסל געטאָן דאס פלעשל, אפּגעזופּט און רעדט ווייטער: „אט האָב איך דיר אויך איבערגעלאזט א זופּ, הייליקער יאַן נעפּאָמוק". נאר דא האט ער זיך אליין דערשראָקן פאַר זיין דרייסטקייט, און פאר שרעק האט ער גענומען און אויסגעזשליאָקעט אין גאנצן, אזוי אז פאַרן הייליקן איז ניט געבליבן ניט א לעק. „יעזוס-מאַריאַ-יאזעף — האָט ער אויסגעשריען, — הייליקער יאַן נעפּאָמוק, זיי מיר מוחל, למען השם, איך וועל דיך מכבד זיין אן אנדערש מאל. איך וועל דיך מיטנעמען מיט זיך אין לאַגער און וועל דיר אזוי אנפּאָמפּען, אז דו וועסט ניט קאָנען איינשטיין אף די פיס". בקיצור, אונדזער שיק איז ניט געווען פויל, העט צעבראָכן די גלאָז, ארויסגעשלעפּט די פיגור פון הייליקן, ארייגערוקט זי אונטער דער בלוזע און געבראַכט צו טראָגן אין לאַגער. דערנאָך האָט דער הייליקער יאַן נעפּאָמוק געשלאפן מיט אים אין שטרוי; בעתן מארש האט שיק אים געטראָגן מיט זיך אין רענצל, און דערפאר איז אים שטאַרק געגאַנגען אין קאָרטן. ווו נאָר מיר האבן זיך אפּגעשטעלט, האט ער אלץ געווונען און געווונען, ביז מיר זיינען געקומען אין דער זייט פון פּראַכאַטיץ, און אין דראַגעניץ האט ער פאַרקלאַפּט אלצדינג. און אז מיר זיינען באַגיגען אוועק פון דארטן, האָט אף א בארנע-בוים זיך געוויגט א געהאַנגענער... דער הייליקער יאַן

נעפּאָמוק! אט דאס האט איר דעם אנעקדאָט, און איצט וועל איך אויפהיינגען דאס טרייבל.

און דער טעלעפאָן האט ווידער גענומען איבערגעבן די טרייסלענישן פון א נייעם, נערוועזן לעבן, ווארום די אלטע האַר־מאניע אין לאַגער איז געווען צעשטערט.

בינתים איז לייטענאַנט לוקאַש געזעסן ביי זיך אין צימער און האט שטודירט דעם שיפר. וואס מען האט אים צוגעשיקט פון שטאַב פון פולק צוגלייך מיטן שיפרירטן געהיימען באַפעל מיטן מאַרשרוט, וואס לויט אים האט דער באַטאַליאָן באַדאַפט פאָרן צום גאַליצישן גרעניץ (דער ערשטער עטאַפ):

7217—1238—475—2121—35=וואָלבורג.

8922—375—7282=ראַב.

4432—1238—7217—35—8922—35=קאָמאָרן.

7282—9299—310—375—7881—298—475—7979 = בודאַפּעשט.

ביים אויפשיפרירן דעם דאזיקן באַפעל האט לייטענאַנט לוקאַש געזיפצט:

— באַפּט דער טייוול אט דאָס גאַנצע שאַלעמויזן!

אין פארלאג „ביכער פאר אלעמען“ איז דערשינען

# „די פרוי פון אנדזער ביינקשאפט“

ראָמאַן פון באַוווּסטן אידיש=דייטשן מחבר מאַקס בראָד.
אידיש ז. קאלמאנאוויטש. פארביקע קונסטהילע.
200 זייטן. —————— פרייז 1 לאַט.

— א געשיכטע מיט דריי פרויען וואס קומען איינע נאָך דער אנדערער לויט דער ריי. די געשיכטע איז קאָנ=צענטרירט אף דער דריטער, אן עקסצענטרישער טיפ, א שיינהייט, וואָס פרעסט זיך אליין אויף צוליב אייפערזוכט, ליבע, גוטסקייט און רשעות צוזאַמען. -

— אויסערלעך קאָנצערטרירט זיך דער גאַנצער קאָנ=פליקט פון אט דעם ראָמאַן אף דעם קאַמף צווישן צוויי מענער צוליב א פרוי, און כאָטש אט דער מין שטאָף איז שוין אסך מאָל באַארבעט געוואָרן, האָבן מיר עס דאָ אין אַזא פאָרם, וואס איבעראַשט מיט דער אריגינאַליטעט. —
„ליטער. בלעטער“ № 31

פריער דערשינען:

יאראסלאוו האשעק

# דער בראווער סאלדאט שווייק אין דער וועלט-מלחמה

ערשטער טייל.

אידיש ז. קאלמאנאוויטש. צוויי פארביקע קונסטהילע.

פרייז 1 לאַט.